פאַר **צ ב י**

מיט ליבע און דאַנקבאַרקייט
פאַר דער הילף ביים אַרויס־
געבן דאָס בוך.

**אסתר**

אסתר ווילענסקאַ

# סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל און קאָמאינטערן

1889—1923

פאַרלאַג י.ל. פרץ ישראל

תל־אביב 1975

**ESTHER VILENSKA**

# THE SOCIALIST INTERNATIONAL AND THE COMINTERN

PERETZ PUBLISHING HOUSE
Tel Aviv, Israel

1975



פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב,
רחוב אלנבי 31

דפוס „להב", תל־אביב, רח' המסגר 60, טלפון: 36564

## הקדמה פון פאַרלאַג

דאָס בוך פון אסתר ווילענסקאַ, וואָס מיר האָבן דעם כבוד צו ברענגען פאַרן יידיש־לייענער, איז אין זיין אָריגינעלער העברעיִשער ווערסיע דער־שינען מיט אַ קנאַפּ יאָר צוריק אין פאַרלאַג „עם עובד״.

אין דער דאָזיקער אַרבעט ווערט פאַרגעשטעלט די אַנטוויקלונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג זינט דעם שאַפן פונעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל אין יאָר 1889 ביזן יאָר 1923, ווען ס׳האָבן שוין מער ווי 4 יאָר עקזיסטירט צוויי באַזונדערע אינטערנאַציאָנאַלן — דער באַנייטער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל און דער ניי געשאַפענער קאָמאינטערן.

אויפן סמך פון אַ געשיכטלעכן אַנאַליז באַמיט זיך די מחברין צו באַ־ווייזן, אַז די קערנדלעך פון דער אינערלעכער שאַרפער קאָנפראָנטאַציע, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און האָט זיך פאַרענדיקט מיט דער ענדגילטיקער שפּאַלטונג אין יאָר 1919, זענען שוין געלעגן אין די דיסקוסיעס און ווידעראַנאַנדן, וואָס האָבן די אַלע יאָרן געהערשט אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

די מחברין באַנוצט זיך מיטן דורך איר צונויפגעזאַמלטן מאַטעריאַל, כדי צו באַווייזן די אונטערשיידן אין די וועלט־אַנשויונגען און צוגאַנגען פון ביידע צדדים. זי באַהאַלט נישט אירע פּערזענלעכע מיינונגען, וועלכע זענען דעם לייענער גוט באַקאַנט. מ׳קאָן אפשר זאָגן, אַז דאָ אָדער דאָרט איז דער שטאַנדפּונקט פונעם צד שכנגד, דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן, דעם רעפאָרמיסטישן, נישט געגנוג ברייט (אין פאַרגלייך צום אַנדערן) אַרויסגע־בראַכט געוואָרן.

אין דעם בוך זענען נישט איינגעשלאָסן געוואָרן די דיסקוסיעס, וועל־כע זענען יאָרן לאַנג אָנגעגאַנגען מיט דער לינקער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער וועלט. די דאָזיקע דיסקוסיעס, ווי אויך דער אויפקום

פון מדינת ישראל, צו וועלכן אויך דער ראַטן־פאַרבאַנד האָט בשעתו צוגעטראָגן זיין חלק, זענען ראוי אַנאַליזירט צו ווערן באַזונדער.

נישט געקוקט אויף דעם, מיינען מיר, אַז דאָס בוך פון אסתר ווילענ־סקאַ איז אַ וואָגיקער צושטייער צו דער געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און איז ראוי פאַרעפנטלעכט צו ווערן ביי אונדז אין לאַנד, ווו די פרייהייט פון וואָרט און פון שריפט איז איינע פון די עיקרים פון דער ישראלדיקער דעמאָקראַטיע.

**דער פאַרלאַג**

# פאָרוואָרט צו דער אויסגאַבע אין יידיש

דאָס בוך „דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל און די אַנטשטייונג פון קאָמאינטערן" איז דערשינען אין עברית אין פאַרלאַג „עם עובד", תל־אביב, סוף אַפּריל 1974.

פריינד אין ישראל און אין אויסלאַנד האָבן אויסגעדריקט זייער מיינונג, אַז עס איז וויכטיק דאָס בוך זאָל דערשיינען אויך אין יידיש. זיי האָבן דאָס אַרגומענטירט מיטן מאַנגל פון וויסנשאַפטלעכן מאַטעריאַל אין יידיש, וועגן דער קאָנפראָנטאַציע אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג צווישן אירעביידע יסודותדיקע שטרעמונגען, דעם רעוואָלוציאָנערן און רעפאָרמיסטישן, אויפן שוועל פון 20סטן י״ה און אין דעם ערשטן פערטל פון דעם איצטיקן י״ה אין אַנבליק פון דער שטרעבונג צו פאַרמיידן די ערשטע וועלט־מלחמה.

די אויבנדערמאָנטע קאָנפראָנטאַציע ווערט געשילדערט אין דעם בוך נישט אָפּגעזונדערט, נאָר אויפן פאָן פון די רעוואָלוציאָנערע שטורמישע אַנטוויקלונגען אין רוסלאַנד 1917, אין דייטשלאַנד 1918 און אין אונגאַרן 1919. צוזאַמען מיט דער אויפקלערונג פון די אידעאָלאָגישע און פּאָליטישע אונטערשיידן צווישן די צוויי יסודותדיקע שטרעמונגען, ווערט אין דעם בוך אונטערשטראָכן די דערהויבענע אידעע פון דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג, איר טעאָריע, אירע קאַמפן, קרבנות, קריזיסן און איר היסטאָרישע מיסיע אויפצובויען אַ וועלט אָן מלחמות, אַ סאָציאַליסטיש סיסטעם באַזירט אויף געזעלשאַפטלעכער גערעכטיקייט, דעמאָקראַטיע און שלום צווישן די פעלקער.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך דאַנקען די פריינד וועלכע האָבן פאַרשפּרייט דאָס בוך אין עברית און דורך דעם מיך דערמוטיקט צו נעמען זיך צו דער איבערזעצונג פונעם בוך אין יידיש.

בעיקר וויל איך דאַנקען דעם חבר י ה ו ש ו ע  ג ע ר ש מ אַ ן פון קאַנאַדע, דעם הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער יידישער פּראָגרעסיווער צייטונג „וואָכנבלאַט" אין טאָראָנטאָ, וועלכער האָט מיט

זיין מאַטעריעלן ביישטייער געגעבן מיר דעם שטויס צו מאַכן די ווייטערדיקע אָנשטרענגונגען אַרויסצוגעבן דאָס בוך. דער ביי־שטייער איז געווען איינער פון די וועגן, מיט וועלכע דער חבר יהושוע גערשמאַן האָט געוואָלט אויסדריקן דאָס באַערן דעם נאָמען פון זיין באַליבטער פרוי ס י ל י אַ, וועלכע איז פלוצלונג געשטאָרבן אין יאָר 1973.

טראָץ דעם וואָס דאָס בוך באַהאַנדלט געשיכטלעכע פּראָבלע־מען, וויל איך האָפן, אַז זייער אַלזייטיקע באַלייכטונג קען העלפן דעם לעזער זיך גענויער אָריענטירן אויך אין געוויסע, ביז איצט אַקטועלע, פּראָבלעמען.

**א. וו.**

תל־אביב, דעצעמבער 1974.

# אַרײַנפֿיר

די סעפּאַראַטע אָרגאַניזירונג פֿון סאָציאַליסטישן רעקאָנ־סטרויִרטן אינטערנאַציאָנאַל אין פֿעברואַר 1919 אין בערן און פֿונעם קאָמאינטערן אין מאַרץ 1919 אין מאָסקווע איז געווען אַן אויסדרוק פֿון אַ פּאָליטישער שפּאַלטונג צווישן די יסודותדיקע שטראָמען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. די דאָזיקע שפּאַלטונג האָט זיך אַנטוויקלט אין משך פֿון אַ לאַנג־יאָריקער און גרויספּאַרנעמיקער פּאָליטישער און אידעאָלאָגישער קאָנפֿראָנטאַציע.

די טעמע פֿון דעם בוך איז די אַנטוויקלונג פֿון דער שפּאַל־טונג אין דער אַרבעטער־באַוועגונג נאָך דער וועלט־מלחמה, ווי אַ פּראָצעס, וועלכער איז רײַף געוואָרן אויפֿן אידעאָלאָגישן און פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכן געביט אינעווייניק פֿונעם סאָציאַ־ליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, אין משך פֿון דער גאַנצער תּקופֿה פֿון זײַן עקזיסטענץ און נאָך זײַן פֿונאַנדערפֿאַל אין אויגוסט 1914.

דאָס בוך נעמט אַרום דעם פּעריאָד פֿון סאָציאַליסטישן אינ־טערנאַציאָנאַל (1889—1914), די קאָנפֿראָנטאַציע אין די יאָרן פֿון וועלט־קריג (1914—1918) און די ערשטע פֿינף יאָר פֿון דער עקזיסטענץ פֿון ביידע באַזונדערע אינטערנאַציאָנאַלן (1919—1923).

דער ציל פֿונעם בוך איז אויפֿצוקלערן דעם אינהאַלט פֿון דער קאָנפֿראָנטאַציע אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, איר באַדײַטונג און דעם צוזאַמענהאַנג צווישן איר מיט די גרויסע געזעלשאַפֿטלעכע קאַמפֿן, וועלכע ס'האָט געפֿירט די אַרבעטער־באַוועגונג אינעם ערשטן פֿערטל פֿונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. עס איז אַ פּרוּוו צו אַנאַליזירן די פּראָבלעמען, וואָס זענען אַנטשטאַנען מיט די רעוואָלוציאָנערע אַנטוויקלונגען אין רוסלאַנד אין 1917, אין דײַטשלאַנד אין 1918 און אין אונגאַרן אין 1919. די פּראָבלעמען, אַרום וועלכע ס'האָט זיך אַנטוויקלט די קאָנפֿראָנטאַציע זענען ניט געווען קיין צווייטראַנגיקע, נאָר פֿון צענטראַלער וויכטיקייט

פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג און פאַר אַלע דעמאָקראַטישע כוחות. אַט זענען, למשל, אייניקע פון זיי:

צי דאַרף מען זיך באַגרענעצן מיט דעמאָקראַטישע ענדערונגען און געזעלשאַפטלעכע אויסבעסערונגען אין די ראַמען פונעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם, אָדער ס'איז נויטווענדיק אַנטוויקלען די דעמאָקראַטישע ענדערונגען ביז צו אַ רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַר אַ פולשטענדיקער ענדערונג אין אייגנטום פון די יסודות־דיקע פּראָדוקציע־מיטלען און פון דער מלוכהשער מאַכט? צי וועט די באַטייליקונג פון סאָציאַליסטן אין בורזשואַזע רעגירונגען אויספלאַסטערן דעם וועג צו אַ סאָציאַליסטישער ענדערונג, אָדער פאַר אַזאַ ציל איז נייטיק אַן אַרבעטער־פראָנט צום מאַסן־קאַמף פאַר פּאָליטישער הערשאַפט? צי קען מען זיך באַנוגענען מיט דער אויסבעסערונג פון די לעבנס־באַדינגונגען פון די אונטער־דריקטע פעלקער אין די ראַמען פון דער קאָלאָניאַלער פרעמדער הערשאַפט, אָדער ס'איז נויטווענדיק און גערעכט צו אָנערקענען די רעכט פון די אונטערדריקטע פעלקער צו זעלבסטבאַשטימונג?

דער גרעסטער קאַטאַליזאַטאָר פון די קעגנזאַצן אינעווייניק פון דער אַרבעטער־באַוועגונג איז געווען די ערשטע וועלט־מלחמה. די קעגנזאַצן האָבן זיך אַנטוויקלט אַרום די באַמיונגען זי אויס־צומיידן, די דעפיניציע פון איר כאַראַקטער ערב איר אויסברוך, די באַציונג צום מיליטערישן בודזשעט אין אויגוסט 1914 אין דייטשלאַנד, דאָס באַשטימען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר איר אויסברוך, די באַצייכענונג פון איר מהות נאָך איר אויסברוך, דער קאַמף זי אָפּצושטעלן, די געזעלשאַפטלעכע קאַמפּאַניע קעגן מאָנאַרכיסטישן רעזשים, וועלכער האָט זי ווייטער ממשיך געווען, און דער אויפשטאַנד קעגן דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם אין וועמענס שויס די דאָזיקע שרעקלעכע מלחמה איז געבאָרן געוואָרן.

אייניקע פון די פּראָבלעמען, וועלכע האָבן אויפגעשטורעמט די אַרבעטער־באַוועגונג אין יענעם פּעריאָד, זענען געווען: צי דאַרף זי גיין אין פראָנט פון נאַציאָנאַלער אייניקייט מיט דער גרויס־בורזשואַזיע, אָדער פאַרן וויל פון נאַציאָנאַלן אינטערעס און כדי צו פאַרמיידן מלחמות אין דער צוקונפט, איז נייטיק געבן אַ פאָרצוג דעם קאַמף קעגן די געזעלשאַפטלעכע כוחות, וועלכע האָבן אַריינגעוואָרפן די פעלקער אין אַ וועלט־מלחמה?

צי קאָן דאָס שטיצן אַן אומגערעכטע מלחמה דינען דעם נאַציאָנאַלן אינטערעס, אָדער גראָד דאָס קעגנשטעלן זיך אַזאַ קריג און די אָנשטרענגונג פון אַלע כוחות, כדי זי אָפּצושטעלן — וועט זיין אין שטאַנד עפעקטיוו צו פאַרטיידיקן דעם נאַציאָנאַלן אינטערעס ? צי איז אַ וועלט־מלחמה אַן אומפאַרמיידלעכע דער־שיינונג ? צי איז דאָס אַ פאַטאַליזם, אויף וועלכן די מענטש־לעכע געזעלשאַפט האָט ניט קיין שום שליטה ? אָדער אפשר איז מעגלעך און רעאַל צו פירן אַ קאַמף, כדי צו ליקווידירן די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע סיבות פון דער מלחמה און דורך דעם מאַכן זי פאַר אוממעגלעך ?

רעפאָרמיזם אָדער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם — דאָס איז געווען אויפן שוועל פונעם 20סטן יאָרהונדערט דער אינהאַלט פון אידעאָלאָגישער קאָנפראָנטאַציע אינעווייניק פון דער אינטער־נאַציאָנאַלער געמיינזאַמער ראָם פון דעם סאָציאַליסטישן אינטער־נאַציאָנאַל. אָבער די שטורמישע רעוואָלוציאָנערע אַנטוויקלונגען, בעיקר אין רוסלאַנד (1917) און דייטשלאַנד (1918) אויפן גרונט פונעם פאָלקס־פּראָטעסט קעגן דער מאַסן־שחיטה אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, קעגן דעם חורבן פון די פּראָדוקציע־מיטלען ווי פון די מאַטעריעלע און קולטור־ווערטן — האָבן פאַרטיפט די קאָנפראָנטאַציע צווישן דעם רעפאָרמיסטישן און דעם רעוואָלוציאָנערן שטראָם ביז דער שפּאַלטונג אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אינעם פאַרשאַרפטן קאַמף צווישן אירעביידע שטרעמונגען.

דאָס בוך איז אַ פרווו אויפצוקלערן דעם אינהאַלט פון די הויפטפּראָבלעמען אין דער דאָזיקער קאָנפראָנטאַציע.

# די דערגרייכונגען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל

דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט עקזיסטירט אַ פערטל יאָרהונדערט (1889—1914) און האָט אַ סך מיטגעווירקט פאַר דער קאָנסאָלידירונג פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג ווי אַן אומאָפּהענגיקער געזעלשאַפטלעכער פאַקטאָר אין די פּאָליטיש־דעמאָקראַטישע קאַמפן פון אינטערנאַציאָנאַלן און נאַציאָנאַלן פאַרנעם.

זיין גרינדונגס־צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען דעם 14טן יולי 1889 אין פּאַריז, צום הונדערטסטן יאָרטאָג פון דער באַסטיליע־דעראָבערונג אין דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. די דאָזיקע דאַטע איז געווען אַ סימבאָלישער אויסדרוק פאַר זיין פאַרבינדונג מיט דער רעוואָלוציאָנערער פאַרגאַנגענהייט פון די אַרבעטער־מאַסן, מיט די דעמאָקראַטישע פּאָליטישע צילן אין דער קעגנוואַרט און מיט דער רעוואָלוציאָנערער געזעלשאַפטלעכער וויזיע אין דער צוקונפט.

דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל האָט אָנגעפירט אַ ברייטע טעטיקייט אויפן פּראָפעסיאָנעלן געביט. אין צענטער דערפון איז געווען דער גרויסער קאַמף צו באַגרענעצן דעם אַרבעטסטאָג ביז 8 שעה, אויסצובעסערן די אַרבעטס־באַדינגונגען, ווי אויך די סטימולירונג פון פּאָליטישע קאַמפן פאַר פולע דעמאָקראַטישע רעכט און קאַמף קעגן דער מלחמה־געפאַר.

אויפן גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל איז דער 1טער מאַי באַשטימט געוואָרן ווי אַ געמיינזאַמער דעמאָנסטראַציע־טאָג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג קעגן דער שווערער קלאַסן־עקספּלאָאַטאַציע, פאַר באַגרענעצן דעם אַרבעטסטאָג ביז 8 שעה, פאַר אָפּשאַפן די סטאַבילע אַרמייען און פאַרמיידן מלחמה. דער באַשלוס וועגן 1טן מאַי איז געווען פאַרבונדן מיט אַ גרינטלעכער דיסקוסיע: צי איז דער דערפאָלג פון די קאַמפן פונעם אַרבעטער־קלאַס אָפּהענגיק פון זייער באַגרענעצן זיך בלויז צו פּראָפעסיאָנעלע פאָדערונגען? אָדער איז דער דערפאָלג אָפּהענגיק פונעם פאַרבינדן אים אין אַ מאַקסימאַלער מאָס מיט דער פּאָליטישער קאַמפּאַניע פאַר דער פאַרזיכערונג פון דעמאָ־

קראַטישע פרייהייטן, זייער אויסברייטערונג, פאַר פאַרמיידן מלחמות און פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַלער רעוואָלוציע?

איינע פון די דערגרייכונגען פונעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל איז געווען די פעיִקייט צו פאַראייניקן פאַרשיידענע שטרעמונגען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג דורך אידעאָלאָגישער און פּאָליטישער קאָנפראָנטאַציע צווישן די פאַרשיידענע מיינונגען — פריי, עפנטלעך און סיסטעמאַטיש.

טראָץ דעם, וואָס אין די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זענען געווען אָרגאַניזירט מאַרקסיסטן, רעפאָרמיסטן, סינדיקאַליסטן א״אַ, איז די מערסטע צייט פון דער עקזיסטענץ פון אינטערנאַציאָנאַל דער מאַרקסיזם געווען די הויפּט־שטרעמונג, וועלכע האָט אַרויפגעלייגט איר שטעמפּל אויף די וועלט־צוזאַמענפאָרן. די מערהייט אַרבעטער־פּאַרטייען האָט זיך אין דער פאַר־מלחמה־צייט באַטראַכט פאַר מאַרקסיסטישע.

טראָץ דעם, וואָס די פּאָליטיש־אַקטועלע פּראָבלעמען זענען רעזומירט געוואָרן נאָך שאַרפע דיסקוסיעס צווישן פאַרשיידענע שטעלונגען, איז בדרך־כלל דער געמיינזאַמער הויפּטציל פון אינטערנאַציאָנאַל געווען אַ גרינטלעכע ענדערונג אין אייגנטום פון די הויפּט־פּראָדוציר־מיטלען, אין דער פּאָליטישער מאַכט, אין דער באַציִונג צו די אונטערדריקטע פעלקער און צו אַגרעסיווע מלחמות.

אינעם קאַמף קעגן דער גרויסער פּאָליטישער קראַפט, וועלכע איז געווען קאָנצענטרירט אין די הענט פון די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסן, האָט דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל דערמוטיקט די פאָרמירונג פון פּאָליטישע אַרבעטער־פּאַרטייען אין יעדן לאַנד. ער האָט עס געטאָן אין קעגנזאַץ צו אַנדערע פּאַרטייען, וועלכע זענען געגרינדעט געוואָרן דורך די קאַפּי־טאַליסטישע קלאַסן און אויסגענוצט געוואָרן פאַר זייערע אינטערעסן. די רייכע ערד־באַזיצער און גרויס־קאַפּיטאַליסטן האָבן זיך באַנוצט מיט זייערע פּריווילעגיעס, כדי צו פאַרטיידיקן זייערע אייגענע קלאַסן־אינטערעסן, די עקאָנאָמישע מאָנאָפּאָלן, און כדי מאַקסימאַל צו עקספּלאָאַטירן די לוין־אַרבעטער. דאָס אונטעראָרדענען די אַרבעטנדיקע צו די מאָנאָפּאָ־ליסטן פון די פּראָדוציר־מיטלען איז באַטראַכט געוואָרן ווי די הויפּט־סיבה פון דער אָרעמקייט. דערפאַר האָט דער סאָציאַליסטישער אינטער־נאַציאָנאַל געהאַלטן, אַז די דעראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט איז דאָס רעכט פון די אַרבעטנדיקע קלאַסן ווי אויך זייער חוב לגבי דער גאַנצער געזעלשאַפט.

דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט פאָרגעזעצט די הויפּט־טענע פונעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל וועגן דער באַפרייונג פון די אַרבעטנדיקע, ווי די אויפגאַבע פון די אַרבעטער־מאַסן גופא. ער האָט דאָס באַטראַכט ווי אַ נאַטירלעכע און נויטווענדיקע אָביעקטיווע אַנטוויקלונג, ווי אויך ווי אַ סוביעקטיווע באַדערפעניש פון דער געזעלשאַפט פאַר איר אַלגעמיינעם פאָרשריט.

די באַפרייונג פון די אַרבעטנדיקע קלאַסן, די אינפאָרמאַטיווע קאָאָר־דינירונג צווישן זייערע אָרגאַניזאַציעס און די קלאַסן־סאָלידאַריטעט אין די געמיינזאַמע קאַמפן איז ניט קיין זייטיקער ענין, נאָר אַ נויטווענדיקער באַדינג פאַר זייער דערפאָלג. אַזאַ סאָלידאַריטעט איז אויך נויטווענדיק פאַרן דערפאָלג פונעם קאַמף פאַר עקאָנאָמישער און פאָליטישער באַפרייונג פונעם אַרבעטער־קלאַס.

די דערגרייכונגען פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין דער אַנטוויקלונג פון אומאָפּהענגיקע פאָליטישע אַרבעטער־פּאַרטייען, אין דער צוגעבונדנקייט צו די טאָגטעגלעכע קלאַסן־קאַמפן און פאָליטישע איניציאַ־טיוון פאַר דעמאָקראַטישע קאַמפן — האָבן ניט פאַרמיטן די שאַרפע קאָנפראָנטאַציע צווישן רעפאָרמיסטישן און רעוואָלוציאָנערן שטראָם. די דאָזיקע קאָנפראָנטאַציע איז פאָרגעקומען בעת דער רעפאָרמיסטישער שטראָם האָט געהאַט אַן איבערוויגנדיקן איינפלוס אין די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין דער גורלדיקער תקופה פאַר דער מענטשהייט — בעתן אויס־ברוך פונעם ערשטן וועלטקריג.

די אָפּשאַפונג פון דער געמיינזאַמער פאָליטישער באַזע פון די אַרבעטער־פּאַרטייען אין דער שאַרפער ווענדונג פון שלום צו מלחמה און די שטיצע פון דער מערהייט אין דער אָנפירערשאַפט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פאַרן מלחמה־בודזשעט, האָט באַטייט זיין פאָליטישן היס־טאָרישן קראַך, איז געווען די סיבה פונעם אָפּשטעלן זיין טעטיקייט און אַ טויטקלאַפּ פאַר זיין עקזיסטענץ.

די דאָזיקע שאַרפע ווענדונג איז ניט געווען קיין פּלוצעמדיקע, נאָר איז רייף געוואָרן אין אַ לאַנגזאַמען פּראָצעס, ווען ס׳זענען פאָרמירט געוואָרן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג צוויי יסודותדיקע וועלט־אַנשויונגען: די רעוואָלוציאָנערע און די רעפאָרמיסטישע.

אסתר ווילענסקאַ

# די דיסקוסיע צווישן רעוויזיאָניסטישן און רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם

דער רעוויזיאָניזם האָט זיך אַנטוויקלט ווי אַן אינטערנאַציאָנאַלע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונג אין אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וועלכע זיינען געווען אָרגאַניזירט אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. אין דייטשלאַנד איז געווען דער הויפּט־וואָרטזאָגער פון אָט דער שטרעמונג עדואַרד בערנשטיין און אין פראַנקרייך אַלעקסאַנדער מילעראַן. אין רוסלאַנד האָבן אויסגעדריקט די דאָזיקע ריכטונג פריִער די עקאָנאָמיסטן און שפּעטער די מענשעוויקעס.

דער פּאָליטישער קאַמף אַרום דעם אַריינטריט פון סאָציאַליסטישן פירער מילעראַן אין דער בורזשואַזער פראַנצויזישער רעגירונג איז געווען דער אָנהייב פון די שווערע קאַמפן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. סוף פון 19טן י״ה און אָנהייב פון 20סטן י״ה האָט זיך די דיסקוסיע צווישן רעוויזיאָניסטישן און רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם קאָנצענטרירט הויפּט־זאַכלעך אויפן אידעאָלאָגישן געביט. נאָכן אויסברוך פון ערשטן וועלטקריג און ספּעציעל בעת די רעוואָלוציאָנערע געזעלשאַפטלעכע אַנטוויקלונגען אייניקע יאָרן נאָך דעם, האָט זיך די דאָזיקע דיסקוסיע אַנטוויקלט ביז צו אַ שאַרפן פּאָליטישן קאַמף, וועלכע האָט פּאָלאַריזירט די שטעלונגען און געבראַכט צו אַ שפּאַלטונג אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

די קריטיק פון עדואַרד בערנשטיין איז געווען געווענדט קעגן דער רעוואָלוציאָנערער טעאָריע, וואָס קאַרל מאַרקס האָט באַגרינדעט אויפן יסוד פון היסטאָרישן און דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם אין רעזולטאַט פון זיין אַנאַליז פון די געזעצן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג.

דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם גייט אַרויס פון שטאַנדפּונקט פון רעוואָלוציאָנערער דיאַלעקטיק, לויט וועלכער קוואַנטיטאַטיווע ענדערונגען אין אַלע דערשיינונגען ברענגען קוואַליטאַטיווע אַנטוויקלונגען. דער איבערגאַנג פון איין קוואַליטעט צו אַ צווייטער קומט פאָר אין דער פאָרעם פון אַ שפּרונג אין אַלע געביטן: אין דער נאַטור, אין דער געזעל־שאַפט, ווי אויך אין דעם געדאַנק.

אין קעגנזאַץ צו דעם איגנאָרירט די רעוויזיאָניסטישע טעאָריע די רעוואָלוציאָנערע דיאַלעקטיק און גלויבט, אַז די געזעלשאַפט אַנטוויקלט זיך אָן קעגנזאַצן, אָן שפּרונג־ענדערונגען, נאָר שטענדיק ווי אַ לאַנגזאַמער און שטופּנווייזער פּראָצעס.

לויט די רעוויזיאָניסטן, האָט די געזעלשאַפטלעכע אַנטוויקלונג אַ האַר־מאָנישן כאַראַקטער און דערפאַר איז די רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט קעגנ־זעצלעך צו דער נאַטור פון די געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען. דאָס איז דער אינהאַלט פון די אונטערשיידן צווישן דיביידע שטרעמונגען אויפן פילאָסאָפישן געביט.

אויך אויפן עקאָנאָמישן געביט איז די דיסקוסיע צווישן רעוויזיאָניזם און רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם אַ טיפע און ווייט־גייענדיקע. דער מאַרק־סיזם לערנט, אַז דער מאָנאָפּאָליסטישער עטאַפּ פון קאַפּיטאַליזם ברענגט צו דער פאַרשטאַרקונג פון דער צווישן־אימפּעריאַליסטישער קאָנקורענץ, צו אַ פאַרשאַרפונג פונעם עקאָנאָמישן קריזיס און צו אַגרעסיווע מלחמות. אין קעגנזאַץ צו דעם האַלט דער רעוויזיאָניזם, אַז דער מאָנאָפּאָליסטישער קאַפּיטאַליזם ברענגט צו דעמאָקראַטיזאַציע פון דעם קאַפּיטאַליסטישן אייגנטום (אַקציעס־געזעלשאַפט) און אַז די קאַרטעלן און טרעסטן דער־מעגלעכן גובר צו זיין די קריזיסן און פאַרמיידן די צעפאַלונג פונעם קאַפּיטאַליזם.

אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט קאָנצענטרירן זיך די מיינונגס־פאַר־שיידנהייטן צווישן רעוויזיאָניזם און דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם אַרום דער קעגנזייטיקער באַציִונג צווישן טאָגטעגלעכן קאַמף פאַר געזעל־שאַפטלעכע אויסבעסערונגען און צווישן דעם ענדציל. לויט דער טעאָריע פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם, איז דער קלאַסן־קאַמף פון די אַרבעטנ־דיקע פאַר געזעלשאַפטלעכע אויסבעסערונגען אַ וויכטיקער פאַקטאָר פאַר זיך גופא, אָבער ער קען ניט קומען אַנשטאָט דעם ענדציל, דאָס הייסט: דאָס איבערנעמען די מאַכט און די איבערפירונג פון די הויפּט־פּראָדוציר־מיטלען צום געזעלשאַפטלעכן אייגנטום.

אין קעגנזאַץ צו דעם האָט בערנשטיין געהאַלטן, אַז דאָס אַרויסרוקן דעם רעוואָלוציאָנערן ענדציל איז אַ שטערונג צום מאָביליזירן די אַרבעטער־מאַסן פאַר געזעלשאַפטלעכע טאָגטעגלעכע אויסבעסערונגען, פאַר אַן אַרבעטער־לעגיסלאַציע און פאַר דעמאָקראַטישע רעכטן. לויט זיין מיינונג קען ניט די רעוואָלוציאָנערע אידעאָלאָגיע זיין קיין דערנענטערונג־פאַקטאָר, נאָר פאַרקערט — זי וועט דערווייטערן די מיטלשיכטן, וועלכע די סאָציאַל־

דעמאָקראַטישע פּאַרטיי דאַרף געווינען אַלס פאַרבינדעטע אינעם קאַמף פאַר געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע רעפאָרמען.

לויט בערנשטיינס טעאָריע איז סאָציאַליזם אַ געזעלשאַפטלעכער און מאָראַלישער לעגיטימער ציל, אָבער ער איז ניט קיין היסטאָרישע נויטווענדיקייט. דער ענדציל האָט, לויט זיין מיינונג, קיין באַדייטונג ניט. דער עיקר איז די באַוועגונג צום ציל, דער פּראָצעס פון סאָציאַליסטישער טראַנספאָרמאַציע פון דער בורזשואַזער סיסטעם דורך טאָגטעגלעכע פּאָליטישע דעמאָקראַטישע ענדערונגען.

די אונטערשיידן אין דער אָפּשאַצונג פון די קעגנזאַצן אין דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם גופא זיינען געווען דער יסוד צו פאַרשיידענע אויספירן וועגן איר פּערספּעקטיוו: צי איז איר פּערספּעקטיוו אומפאַרמיידלעכער פונאַנדערפאַל, אָדער דער המשך פון איר עקזיסטענץ דורך ווידער־אויפלעבונג, דורך איבערקומען די קריזיסן און זיי גובר זיין.

די קעגנזאַצן צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט האָבן, לויט מאַרקסן, אַן אַנטאַגאָניסטישן כאַראַקטער. די אַנטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע פאַרשטאַרקט דעם קעגנזאַץ צווישן די גרויסקאַפּיטאַליסטן פון איין זייט און צווישן די מאַסן לוין־אַרבעטער, אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ, בעלי־מלאכות, אָרעמע פּויערים און אַנדערע אַרבעטנדיקע שיכטן, וועלכע בילדן צוזאַמען די איבערוויגנדיקע מערהייט פונעם פאָלק.

די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם ברענגט צו אַ רעלאַטיווער און אַבסאָלוטער פאַראָרעמונג פון די לוין־אַרבעטער. די פאַרהעלטנישמעסיקע פאַראָרעמונג קומט צום אויסדרוק אין דער פאַרקלענערונג פונעם אַנטייל פון די אַרבעטנדיקע אין דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער הכנסה. די אַבסאָלוטע פאַראָרעמונג דריקט זיך אויס אין דער אַראָפּנידערונג פון דעם רעאַלן לעבנסניוואָ פון די אַרבעטנדיקע אין פאַרגלייך מיט די אַלגעמיינע מאַטעריעלע און קולטורעלע באַדערפענישן. די דאָזיקע באַדערפענישן וואַקסן צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון פּראָדוקציע, וויסנשאַפט און טעכניק. און ס'איז וויכטיק אונטערצושטרייכן, אַז צו דער דאָזיקער אַנטוויקלונג טראָגן צו די אַרבעטנדיקע, די גייסטיקע און די פיזישע, אַ דעצידירנדיקןביישטייער.

אין קעגנזאַץ צו דער דאָזיקער אָנשויונג האָט עדואַרד בערנשטיין געהאַלטן, אַז די קלאַסן־קעגנזאַצן צווישן די קאַפּיטאַליסטן און די אַרבעטנדיקע ווערן ניט שאַרפער, נאָר שוואַכער. פון דער דאָזיקער טעזע איז בערנשטיין דערגאַנגען צום אויספיר, אַז ס'איז ניטאָ קיין אָביעקטיווער



קאַרל מאַרקס

יסוד צו אַנטוויקלען דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון די אַרבעטנדיקע און ס'איז ניטאָ קיין אָביעקטיווע נויטווענדיקייט פאַר דער צעשטערונג פונעם קאַפּיטאַליזם. ער האָט זייער הויך געשאַצט די פּראָפעסיאָנעלע און עקאָנאָמישע דערגרייכונגען פונעם קלאַסן־קאַמף. דאָס האָט פאַר אים געדינט ווי אַ באַווייז, אַז אין די ראַמען פונעם קאַפּיטאַליזם איז מעגלעך אַן אַנטוויקלונג אין דער ריכטונג צום סאָציאַליזם — אָן אַ קאַמף פאַרן דעראָבערן די מאַכט דורכן אַרבעטער־קלאַס.

דער קעגנזאַץ צווישן די מאַרקסיסטן און די רעוויזיאָניסטן איז ניט געווען איבער דער נויטווענדיקייט פונעם קאַמף פאַר סאָציאַלע רעפאָרמען. דאָס איז בכלל ניט געווען קיין אָביעקט פאַר וואָס פאַרא ניט איז דיסקוסיע. די הויפּט־מחלוקת איז געווען וועגן דעם, צי די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי דאַרף באַטראַכטן דעם קאַמף פאַר גערזעלשאַפטלעכע טאָגטעגלעכע אויסבעסערונגען אינערהאַלב דעם קאַפּיטאַליזם פאַר איר עקזיס־

טענץ־ציל, אָדער זי דאַרף פאָרזעצן אָנצוהאַלטן דעם גלויבן אין דער היסטאָרישער מיסיע פונעם אַרבעטער־קלאַס און זיין ענדציל — סאָציאַליזם.

דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם האָט געהאַלטן, אַז אָן דעם פאַר־נעמען די קראַפט־פּאָזיציעס פון די קאַפּיטאַליסטן דורכן דעראָבערן פון דער פּאָליטישער מאַכט איז אוממעגלעך אָפּצוהיטן אויך די עקאָנאָמישע און פּראָפעסיאָנעלע טיילווייזע דערגרייכונגען אין אָנבליק פון דער אומ־אויפהערלעכער אָפענסיווע פונעם גרויסקאַפּיטאַל. אין קעגנזאַץ צו דעם, האַלט דער רעוויזיאָניזם, אַז דווקא די עקאָנאָמישע אויסבעסערונגען זענען שטאַנדהאַפטיק און דערפאַר זענען זיי דאָס וויכטיקסטע. די רעוויזיאָניס־טישע אָנשויונג האָט באַטראַכט דעם פּראָצעס פון די געזעלשאַפטלעכע רעפאָרמען אין די ראַמען פונעם קאַפּיטאַליזם פאַרן צענטראַלן ציל פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, איגנאָרירנדיק דעם וויטגייענדיקן ציל — סאָציאַליסטישע רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען אינעם אייגנטום פון די הויפּט־פּראָדוציר־מיטלען און פון דער פּאָליטישער מאַכט.

## דער אינטערנאַציאָנאַל און גענעראַל־שטרייק

די טעמע פון שטרייק איז אַרויף אויפן טאָג־אָרדענונג פון די צוזאַ־מענפאָרן פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אויפן סמך פון דער אָנווענדונג פון אָט דעם וויכטיקן אַרבעטער־וואָפן פּראַקטיש און טעאָרעטיש דורך דער אַרבעטער־באַוועגונג. דער שטרייק איז אָנגעווענדט געוואָרן ספּאָנטאַן ווי אויך אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן, כדי אָפּצושטויסן די אָפענסיווע פון די רעאַקציאָנערע כחות קעגן די אַרבעטער־רעכט ווי אויך אַלס מיטל צו געזעלשאַפטלעכע אויסבעסערונגען.

די פּרינציפּיעלע שטיצע פון קלאַסן־קאַמף קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער אויסנוצונג האָט געבראַכט דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל צו אַ פּאָזיטיווער שטעלונג פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און זייער אינטער־נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פאַרן געדאַנק פון אַלגעמיינעם שטרייק. צוזאַ־מען מיט דעם האָט זיך אַנטוויקלט אַרום דעם דאָזיקן געדאַנק אַ דיסקוסיע אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג, צי קען דער אַלגעמיי־נער שטרייק קומען אַנשטאָט דער פּאַרלאַמענטאַרישער טעטיקייט פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, אָדער ער קען און דאַרף זיין דורכגעפלאָכטן און פאַרבונדן מיט פּאַרלאַמענטאַרישער אַקטיוויטעט ?

דער סינדיקאַלישער שטראָם אין דער אַרבעטער־באַוועגונג האָט געזען אין דעם אַלגעמיינעם שטרייק אַן עפעקטיוון קאַמפּס־מיטל, וואָס סטימו־לירט די שאַפונגס־קראַפט פון די מאַסן און איז מסוגל צו דערשיטערן דאָס קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם.

דער דאָזיקער שטראָם האָט געהאַלטן, אַז דער פּאַרלאַמענטאַריזם ווענדט אָפּ די אויפמערקזאַמקייט פון דירעקטן קלאַסן־קאַמף און האָט אים באַטראַכט ווי אַ פאַקטאָר, וואָס שוואַכט אָפּ די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. די מאַרקסיסטישע שטרעמונג האָט גערופן צוזאַמענפלעכטן דעם מאַסן־קאַמף פון די אַרבעטנדיקע (שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס) מיט דער טעטיקייט פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין פּאַרלאַמענט פאַר אַ געזעצ־געבונג, וואָס פאַרטיידיקט די רעכט פון די אַרבעטער־מאַסן (ווי למשל אויפן געביט פון שטייערן, אַרבעט־באַציִונגען, פערזענלעכע ענינים, פאַר־לאַמענט־קאָנטראָל איבער דער רעגירונג אאַז״וו).

אין קעגנזאַץ צו דעם, האָט דער רעפאָרמיסטישער שטראָם אין דער אַרבעטער־באַוועגונג געהאַלטן, אַז די סאָציאַליסטישע טעטיקייט דאַרף זיך קאָנצענטרירן בלויז אין געזעלשאַפטלעכע שטופנווייזע אויסבעסערונגען און האָט באַטראַכט דעם פּאַרלאַמענטאַרישן געביט אַלס צענטראַלן און כמעט אויסשליסלעכן. דעם אַלגעמיינעם שטרייק, דעם מאַסן־שטרייק און די דעמאָנסטראַציעס האָט ער געהאַלטן פאַר אַן אויסערגעוויינלעכן מיטל, וועלכן ס׳איז באַרעכטיקט צו באַנוצן הויפּטזעכלעך, כדי אָפּצושטויסן די אָפענסיווע פון די רעאַקציאָנערע כוחות, אָבער ניט ווי אַ מיטל, וואָס ווערט אָנגעווענדט פון אייגענער איניציאַטיוו לטובת רעוואָלוציאָנערע געזעלשאַפטלעכע ענדערונגען.

אויף דעם גרינדונגס־צוזאַמענפאַר פון דעם סאָציאַליסטישן אינטער־נאַציאָנאַל (1889) האָט דער פראַנצויזישער פאָרשטייער פאָרגעשלאָגן צו־צוגעבן צו דעם באַשלוס וועגן 1טן מאַי אַ פּאַראַגראַף, וועלכער באַשטימט די דאַטע אַלס טאָג פון אַלגעמיינעם שטרייק, כדי אונטערצושטרייכן די פּערספּעקטיוו פון געזעלשאַפטלעכער רעוואָלוציע.

די דיסקוסיע איז געווען צי דאַרף דער 1טער מאַי דערקלערט ווערן אויטאָמאַטיש אַלס טאָג פון שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס קעגן די קאַ־פּיטאַליסטישע רעגירונגען, אָדער זיין כאַראַקטער זאָל באַשטימט ווערן לויט די קאָנקרעטע באַדינגונגען אין יעדן לאַנד? זי האָט אויסגעדריקט די פאַרשיידנאַרטיקייט פון די מיינונגען בנוגע דעם וועזן פון דעם שטרייק און זיין אויפגאַבע אינעם קאַמף פונעם אַרבעטער־קלאַס.

די פראַגע וועגן אַלגעמיינעם שטרייק איז אַרויפגעשווומען צום ערשטן מאָל אויפן צוזאַמענפאָר פונעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל אין בריסעל (1868) אין די ראַמען פון דער דעבאַטע, צי האָט דער אַרבעטער־קלאַס אַ מעגלעכקייט צו פאַרמיידן די מלחמה־געפאַר. דאָס באַווייזט די פאַר־בינדונג צווישן דער גרייטקייט זיך צו באַנוצן מיטן כּוח פון דער אַרבע־טער־באַוועגונג און צווישן דער פערספעקטיוו צו ברענגען צו אַ גרינטלע־כער ענדערונג אין דער פּאָליטיק אין דער ריכטונג פון שלום און סאָ־ציאַליזם.

דער באַשלוס פונעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל צו רופן די אַרבעטער אָפּצושטעלן די אַרבעט אין פאַל פון אַ מלחמה־אויסברוך, דריקט אויס די מיינונג, אַז די אַרבעטנדיקע מאַסן קענען און דאַרפן אָנווענדן זייער גע־מיינזאַמען געזעלשאַפטלעכן כּוח כּדי צו פאַרמיידן מלחמה און מאַכן זי פאַר אוממעגלעך.

די פראַגן וועלכע זענען געוואָרן באַרירט דורך די פאַרשיידענע שטרע־מונגען אין דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל זענען געווען: צי איז מעגלעך מיט דער הילף פון אַן אַלגעמיינעם שטרייק צו פאַרמיידן אַ מלחמה־אויסברוך? צי איז צוועקמעסיק צו דערקלערן אַן אַלגעמיינעם שטרייק אין דער מיליטערישער אינדוסטריע און אין די באַדינגונגען פון די מיליטערישע פאָרמאַציעס, כּדי אָפּצושטעלן אַן אומגערעכטע מלחמה, אויב זי וועט אויסברעכן? צי איז באַרעכטיקט אָנצוהייבן אַזאַ שטרייק נאָר ווען ס'וועט זיין צו דעם אַ גרייטקייט אין די אַרמייען פון ביידע קעמפנדיקע צדדים? אָדער אפשר דאַרף מען אָרגאַניזירן אַ שטרייק אינעם לאַנד וועמענס רעגירונג הייבט אָן אַן אומגערעכטע מלחמה, ניט מאַכנדיק אָפּהענגיק דעם דאָזיקן שריט מיט דער גרייטקייט אָנצונעמען אַן ענלעכן שריט אויך ביי דעם קעגנערישן צד? די דאָזיקע פראַגן זענען געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדענונג אי אין די לאָקאַלע סאָציאַליסטישע פאַרטייען אי אויף אַלוועלטלעכע צוזאַמענפאָרן פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

די פּאָליטישע שטרייקן אין בעלגיע (אין די יאָרן 1886—1887, 1891, 1893) אונטער דער פאָדערונג פאַר אַלגעמיינער וואַלרעכט האָבן אָביעקטיוו אויסגעדריקט די טענדענץ צוזאַמענצופלעכטן דעם קלאַסן־קאַמף מיט דער אַנטוויקלונג פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער טעטיקייט. דער פאַקט וואָס אַדאַנק דעם גענעראַל־שטרייק האָבן די אַרבעטער פון בעלגיע דעראָבערט די רעכט צו אַ פּאַרלאַמענטאַרישער פאָרשטייערשאַפט (1893) האָט באַ־וויזן די איבערוועגנדיקע קראַפט פונעם שטרייק־וואָפן, ווי אַ פאַקטאָר,

וואָס האָט דערמעגלעכט דעם אַרבעטער־קלאַס צו באַקומען אַ געוויסן איינ־פלוס אויף דער געזעצגעבונג, ווי אויך אויף פּאָליטישע באַשלוסן אין גייסט פון פּראָגרעס.

די עצם רעכט צו שטרייקן איז דערגרייכט געוואָרן דורך שווערע אַרבעטער־קאַמפּן קעגן דער רעגירונג. צום ביישפּיל, די ערנסטע צוזאַמענ־שטויסן צווישן די אַרבעטער און דער פּאָליציי אין האָלאַנד (1903). טראָץ דעם וואָס דער פּרוּוו צו דערקלערן אַן אַלגעמיינעם שטרייק האָט זיך ניט איינגעגעבן, איז דאָך די געזעצלעכע רעכט צו שטרייקן אויסגעקעמפט געוואָרן דורך דרייסטע שטרייקן, וועלכע זענען פאָרגעקומען אָן דער דערלויבעניש פון דער רעגירונג און אַפילו ביי שאַרפע צוזאַמענשטויסן מיט דער פּאָליציי.

דעם פּראָבלעם פון אַ וועלט־שטרייק האָבן אויפגעהויבן די פראַנצוי־זישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. קאַוטסקי האָט אָפּגעוואָרפן דעם דאָזיקן פאָרשלאָג און דערקלערט, אַז אַ וועלט־שטרייק איז אומרעאַל צוליב דער עקאָנאָמישער אומגלייכער אַנטוויקלונג אין פאַרשיידענע לענדער. צוזאַ־מען מיט דעם האָט ער געגלויבט, אַז אַן אַלגעמיינער אָפּשטעל פון דער אַרבעט אין געוויסע אינדוסטריעס אין איין לאַנד, אָדער אין אייניקע לענדער, קען זיין אַ נוצלעכער וואָפן אין די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע קאַמפן פון אַרבעטער־קלאַס.

די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע און פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג האָט צום סוף פון 19טן יאָרהונדערט אָפּגעוואָרפן יעדע פאָרעם פון פּאַרלאַ־מענטאַריזם און געגלויבט, אַז דער אַלגעמיינער שטרייק קען דינען ווי אַ שטויס צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

דער קעגנזעצלעכער שטראָם אינעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָט געלייגט דאָס הויפּגעוויכט אויף געזעלשאַפטלעכע רעפאָרמען דורך דער געזעצגעבונג און באַטראַכט דעם שטרייק בלויז ווי אַ פּאַרטיידיקונגס־מיטל קעגן דעם אָנגריף פון קאַפּיטאַל און קעגן זיינע באַמיִונגען צו פאַר־ערגערן די באַדינגונגען פון די אַרבעטנדיקע.

אַלס ענטפער אויף דער שווערער עקספּלואַטאַציע מצד די קאַפּיטאַ־ליסטן איז אַנטשטאַנען אַ פאָרשלאָג צו רופן די אַרבעטער פון אַלע לענ־דער צו אַן אַלגעמיינעם שטרייק ווי אַ מאַסן־דרוק אויף די קאַפּיטאַליס־טישע רעגירונגען ביים רעאַליזירן עקאָנאָמישע און פּאָליטישע רעפאָרמען. דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל האָט ניט אָנגענומען דעם געדאַנק פון אַן אַלגעמיינעם וועלט־שטרייק, ווייל ער האָט דאָס באַטראַכט פאַר

אומרעאַל, אָבער ער האָט אָנערקענט די וויכטיקייט פון מאַסן־שטרייקן און אַנדערע מאַסן־אַקציעס ווי בויטוועגדיקע און מעכטיקע מיטלען צו דער־גרייכן די צילן פונעם אַרבעטער־קלאַס.

אויפן אַמסטערדאַמער צוזאַמענפאַר פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַ־ציאָנאַל (1904) איז באַצייכנט געוואָרן דער אונטערשייד צווישן דעם גענע־ראַל־שטרייק און מאַסן־שטרייק. די דאָזיקע דיפערענציאַציע איז געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון דער דערפאַרונג, וועלכע האָט דערוויזן אַז אַן אַלגעמיינער שטרייק איז ניט רעאַליזירבאַר, ווייל זיין אַבסאָלוטע אַלגעמיינקייט וועט בכלל ניט דערמעגלעכן די עקזיסטענץ פון דער געזעלשאַפט. דערפאַר איז אָבער אַ מאַסן־שטרייק באַטראַכט געוואָרן פאַר געוווּנטשן, כּדי אָפּצו־שטויסן די אָפענסיווע פון דער רעאַקציע אויף די אַרבעטער־רעכט און כּדי צו פאַרווירקלעכן וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע ענדערונגען.

די דיסקוסיע אין די צוזאַמענפאַרן פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַ־ציאָנאַל וועגן דעם אַלגעמיינעם שטרייק האָבן אָפּגעשפּיגלט די קאָמפּלי־צירטע פּראָבלעמאַטיק פון דעם שטרייק און די אונטערשיידן אין די שטעלונגען צו אָט דעם קאַמפּס־מעטאָד, אין וועלכן ס'האָבן אָנטייל גענו־מען גרויסע טיילן פון אַרבעטער־קלאַס אין אייראָפּע.

אַן אַלגעמיינער שטרייק איז אויסגעבראָכן אין איטאַליע, אין סעפּ־טעמבער 1904, אַלס פּראָטעסט קעגן דעם עפענען אַ שיסעריי מצד דער פּאָליציי אויף דער אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע אין סיציליע. טראָץ דעם וואָס דער שטויס צום שטרייק איז געגעבן געוואָרן דורכן סינדיקאַליסטישן פליגל, האָט די גאַנצע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי געשטיצט דעם שטרייק און דערקלערט אין אַ ספּעציעלן מאַניפעסט, אַז דער שטרייק איז דער ענין פונעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס. דאָס איז געווען דער ערשטער אַלגעמיינער שטרייק אין דער געשיכטע פון אַרבעטער־קלאַס קעגן אַ פּאָליציייִשן אָנגריף אויף אַרבעטער. אין יאַנואַר 1905 זענען אויסגעבראָכן פּאָליטישע מאַסן־שטרייקן קעגן צאַריזם נאָך דער שרעקלעכער שחיטה איבער אומ־באַוואָפנטע אַרבעטער דורך דער פּאָליציי. דאָס איז געווען אַן אָנווענדונג פון מאַסן־שטרייקן ניט פאַר אַן עקאָנאָמישן אָדער טיילווייז־פּאָליטישן ציל, נאָר קעגן דעם פּאָליטישן אַבסאָלוטיסטישן רעזשים אַלס גאַנצן. די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט באַטראַכט דעם אַלגעמיינעם שטרייק ווי דעם וויכטיקסטן מיטל פאַר אַ רעוואָלוציאָנערער אָפענסיווע קעגן גאַנצן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן סיסטעם און קעגן דער מאָנאַרכיע. די שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס פון יאָר 1905 האָבן זיך אַנטוויקלט צו אַ



די באַטייליקטע אינעם קאָנגרעס פון 2טן אינטערנאַציאָנאַל אין שטוטגאַרט (1907)

גרויסן רעוואָלוציאָנערן אויפשטאַנד פון די אַרבעטנדיקע. דאָס איז גע־וועז דער גרעסטער רעוואָלוציאָנערער אויפשטאַנד זינט דער צייט פון דער פּאַריזער קאָמונע (1871).

אינעם בוך פון סאָציאַליסטישן פירער און היסטאָריקער יוליוס בראַונ־טאַל, „די געשיכטע פון די אינטערנאַציאָנאַלן", ווערט די רעוואָלוציע פון 1905 אין רוסלאַנד דעפינירט ווי אַ „ווענדפּונקט אין דער וועלט־געשיכ־טע און ווי אַ באַווייז פאַרן אָנהייב פון אַ נייער תקופה פון אייראָפּעיִשע רעוואָלוציעס". טראָץ דעם וואָס די רעוואָלוציע פון 1905 איז בלוטיק דערשטיקט געוואָרן דורך דער רוסישער רעאַקציע, זענען אירע אָפּקלאַנגען דערגאַנגען אין אַלע אייראָפּעיִשע לענדער און דערמוטיקט אַלע אַנטי־מאָנאַרכיסטישע, דעמאָקראַטישע כּוחות.

צום סוף פון 1905, פון 30סטן אָקטאָבער ביז דעם 6טן נאָוועמבער, האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון פינלאַנד געפירט אַן אַלגע־מיינעם שטרייק כּדי אויסצוקעמפן אַלגעמיינע וואַל־רעכט און פּרעסע־פרייהייט. דער שטרייק איז געוואָרן אָפּגעשטעלט ווען דער צאַר האָט צוגעזאָגט אין אַ ספּעציעלן מאַניפעסט, וואָלן צום פּאַרלאַמענט אויף דער באַזע פון אַן אַלגעמיינער שטים־רעכט און אָפּשאַפן די צענזור לגבי דער פּרעסע.

אין עסטרייך האָט אין נאָוועמבער זיך אַנטוויקלט אַן אַלגעמיינער שטרייק מיט דער פאָדערונג פון אַלגעמיינער וואַל־רעכט. אין שוועדן האָבן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אָרגאַניזירט און אָנגעפירט אַן אַלגעמיינעם שטרייק, כּדי אָפּצושטויסן דעם אָנגריף פון די אינדוסטריעלער אויפן אַר־בעטסלוין און קעגן דער גרויסער אַרבעטסלאָזיקייט. אין 1911 האָבן די אַרבעטער אין איטאַליע אָרגאַניזירט אַן אַלגעמיינעם שטרייק ווי אַ פּראָ־טעסט קעגן דער מלחמה אין טריפּאָלי און אין 1914 האָבן זיי דערקלערט אַ שטרייק לטובת דעם אייראָפּעיִשן שלום. די אַרבעטנדיקע אין בעלגיע האָבן דערקלערט אַ שטרייק אין אַפּריל פאַר אַלגעמיינע וואַל־רעכט. דער שטרייק איז נאָך עטלעכע טעג געוואָרן אָפּגעשטעלט ווען די רעגירונג האָט צוגעזאָגט אַ פּאָזיטיווע ענדערונג אין דער קאָנסטיטוציע.

דורך פּאָליטישע מאַסן־שטרייקן, וועלכע זענען געפירט געוואָרן דורך די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, איז אויסגעקעמפט געוואָרן אין פאַרשיידענע אייראָפּעיִשע לענדער אַלגעמיינע וואַלרעכט און פּרעסע־פרייהייט. דאָס

איז איינע פון די דערגרייכונגען פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין אָנהייב פונעם 20סטן י״ה. די דאָזיקע דערגרייכונג האָט באַוויזן, אַז די אַרבעטער־באַוועגונג האָט אין דער עפּאָכע פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל זיך אַנטוויקלט צו אַ זייער איינפלוסרייכן פאַקטאָר. די אַרבעטער־באַוועגונג האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט, אויף אַ באַוווסטזיניקן און אָרגאַניזירטן אופן, די שטרעבונג ווי אויך די פּערספּעקטיוו פון אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלעכן פּאָרשריט.

די מיינונגס־אונטערשיידן וועגן דער ראָל פון מאַסן־שטרייק איז געווען: צי דאַרף מען זיך מיט אים באַנוצן נאָר אין אַן אויסערגעוויינלעכן פּאַרטיידיקונג־פּאַל, אָדער צי איז ער אַ לעגיטים און עפעקטיוו מיטל פּאָרויסצושטויסן די אַרבעטער־דערגרייכונגען און זייער קאַמף פאַר מאַכט. די דאָזיקע מיינונגס־פּאַרשיידנהייטן זענען אויפגעקומען נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אָבער זיי האָבן זיך זייער פאַרשאַרפט אינעם לעצטן פּעריאָד פון דער מלחמה און במשך פון דער נאָכמלחמהדיקער תקופה.

דער רעוואָלוציאָנערער פליגל אין דער אַרבעטער־באַוועגונג האָט גערופן די אַרבעטער זיך צו באַנוצן מיטן געווער פון שטרייק און מאַסן־דעמאָנסטראַציעס, כּדי צו אַנטוויקלען די בורזשואַז־דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע און אויפהייבן זי צו אַ סאָציאַליסטישן עטאַפּ. מיט דעם דאָזיקן גייסט זענען געווען דורכגעדרונגען די טעזן פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי פון אַפּריל 1917 אין רוסלאַנד, ווי אויך דער פּלאַן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פון דער אומאָפּהענגיקער אַרבעט־פּאַרטיי אין דייטשלאַנד פון יאָר 1919.

אין בולטן קעגנזאַץ צו דער דאָזיקער שטעלונג האָט דער רעכטער פליגל אין דער אַרבעטער־באַוועגונג געהאַלטן, אַז מ׳דאַרף האַמעווען דעם רעוואָלוציאָנערן שוווּנג, אָפּהאַלטן זיך פון פּאָליטישן שטרייק און פון דעמאָנסטראַציעס, און באַגנוגענען זיך בלויז מיט די דערגרייכונגען אין די ראַמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם. דער רעפאָרמיסטישער פליגל האָט געגלויבט, אַז די סאָציאַליסטישע ענדערונג פון דער געזעלשאַפטלעכער סיסטעם וועט פאָרקומען און פאַרווירקלעכט ווערן אין שויס פונעם קאַפּיטאַליזם.

אסתר ווילענסקאַ

# די באַטייליקונג פון די סאָציאַליסטן אין דער בורזשואַזער רעגירונג

די הסכמה פון פראַנצויזישן סאָציאַליסט אַלעקסאַנדער מילעראַן זיך אָנצושליסן צו דער פראַנצויזישער רעגירונג (יוני 1899) האָט געשאַפן דעם פּרעצעדענס פון דער באַטייליקונג פון אַ סאָציאַליסטישן מיניסטער אין דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דער בורזשואַזער רעגירונגס־פּאָליטיק אין איינער פון די אייראָפּעיִשע לענדער. די דאָזיקע געשעעניש האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טאָג־אָרדענונג אַ גאַנצע ריי טעאָרעטישע און פּראַקטישע פראַגן: צי איז די באַטייליקונג פון אַ סאָציאַליסט אין אַ בורזשואַזער רעגירונג אין איינקלאַנג מיט די פּרינציפּן פון פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף? צי איז מעגלעך פאַרבעסערן די לעבנס־באַדינגונגען פונעם אַרבעטער־קלאַס און דערנענטערן זיך צום סאָציאַליסטישן ציל דורך דער באַטייליקונג פון אַ סאָציאַליסט אין אַ בורזשואַזער רעגירונג און זיין איינגלידערן זיך אינעם אינעווייניקסטן געראַנגל פון דער בורזשואַזער קאָאַליציע? אָדער צי ווילן די אַרבעטער קומען צו דער מאַכט נאָר דורך פירן אַ געזעלשאַפטלעכן קאַמף פאַר אָפּשאַפן די עקאָנאָמישע קראַפט־פּאָזיציעס פונעם קאַפּיטאַליסטן־קלאַס און איבערנעמען די פּאָליטישער מאַכט? אַחוץ דעם איז אַנטשטאַנען די פראַגע, צי איז ריכטיק און עפעקטיוו אין אויסערגעוויינלעכע און ספּעציעלע באַדינגונגען, ווען עס איז פאַראַן אַ דראָונג מצד די עקסטרעמע רעאַקציאָנערע כּוחות, אַז אויך אַ סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערער כּוח זאָל שטיצן די בורזשואַזע ליבעראַלע קאָאַליציע? אויב יאָ, וועלכע זענען די דאָזיקע באַדינגונגען? אָדער אפשר איז דווקא דאַן וויכטיק צו אָרגאַניזירן אַ געזעלשאַפטלעכע מאַסן־באַוועגונג, כּדי צו פאַרמיידן די דאָזיקע געפאַר?

אויפן שוועל פון 20סטן יאָרהונדערט, ווען ס'איז אַנטשטאַנען די מילעראַן־פראַגע אין פראַנקרייך, האָט זי אויסגעזען בעיקר טעאָרעטיש. אָבער 15 יאָר שפּעטער זענען די פאַרשטייער פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען אַריינגעטראָטן אין בורזשואַזע רעגירונגען, וועלכע האָבן געפירט די וועלט־מלחמה פון 1914. די באַטייליקונג פון רעכטן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פליגל אין די רעגירונגען, וועלכע האָבן דערשטיקט מיט מילי־

טערישער קראַפט די רעוואָלוציאָנערע קאַמפּן פון די אַרבעטער (ווי ס׳איז געווען אין דייטשלאַנד אין דער צייט פון נאָסקע און שיידעמאַן) האָט אויסגעדריקט די שאַרפקייט פון דער פראַגע, איר קאָמפּליצירטקייט און די נויטווענדיקייט צו באַשטימען קלאָרע פּרינציפּן און רעזערוואַציעס בעת דעם פּרווו זי צו לייזן.

דער אינטערנאַציאָנאַלער צוזאַמענפאָר אין פּאַריז (דעצעמבער 1899) האָט באַהאַנדלט די פראַגע מיט דער באַטייליקונג פון 800 דעלעגאַטן, וועלכע האָבן רעפּרעזענטירט 1400 פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, פּראָפעסיאָ־נעלע פאַראיינען און קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן. ער האָט אָנגענומען וועגן דער דאָזיקער פראַגע צוויי באַשלוסן, וועלכע אַנטהאַלטן אי אַ נעגאַ־טיווע פּרינציפּיעלע שטעלונג, ווי אויך רעזערוואַציעס לגבי איר.

מיט אַ מערהייט שטימען (818 קעגן 634) האָט דער צוזאַמענפאָר באַשלאָסן, אַז די באַטייליקונג פון סאָציאַליסטן אין אַ בורזשואַזער רע־גירונג איז ניט אין איינקלאַנג מיט די פּרינציפּן פון פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף.

דער צווייטער באַשלוס אין דעם ענין, וואָס איז אָנגענומען מיט אַ מערהייט שטימען (1148 קעגן 240), האָט דערקלערט, אַז די סאָציאַליס־טישע פּאַרטיי קען באַשליסן צו באַטייליקן זיך אין אַ בורזשואַזער רעגי־רונג אין ספּעציעלע באַדינגונגען. דער דאָזיקער באַשלוס אין זיינעביידע טיילן האָט אויסגעדריקט די אָנשויונג, אַז מ׳דאַרף אָוועקבעמען פון דעם קאַפּיטאַליסטן־קלאַס זיין פּאָליטישע קראַפט איידער ס׳וועט זיין מעגלעך אים צו עקספּראָפּרירן פון זיינע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. דאָס הייסט, אַז די פּאָליטישע מאַכט־דעראָבערונג בלייבט די סאַמע וויכטיקסטע אויפגאַבע פונעם אַרבעטער־קלאַס.

צום סוף פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענפאָר האָט אַרויסמאַרשירט אַ מעכטיקע דעמאָנסטראַציע צו די קברים פון די קאָ־מונאַרן צוזאַמען מיט די דעלעגאַטן פון דעם סאָציאַליסטישן צוזאַמענפאָר. זי איז אָנגעגריפן געוואָרן דורך דער פּאָליציי לויט דעם באַפעל פון דער רעגירונג, אין וועלכער ס׳איז געווען אויך אַ סאָציאַליסטישער מיניסטער. דער דאָזיקער אָנגריף איז געווען דער ערשטער קאָנקרעטער פאַל פון אַן אַנטאַגאָניסטישן קעגנזאַץ, אין וועלכן ס׳האָט זיך געפונען אַ סאָציאַליס־טישער מיניסטער אין אַ בורזשואַזער רעגירונג. דער דאָזיקער אָנגריף איז פאַקטיש געווען אַ פּרווו פון דער בורזשואַזיע צו באַטייליקן אַ טייל פון

סאָציאַליסטן אין דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דער אָפּענסיווע קעגן די רעוואָלוציאָנערע כּוחות אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

דער אידעיִשער קאַמף אַרום דער באַטייליקונג פון סאָציאַליסטן אין בורזשואַזע רעגירונגען איז אַרויף אויפן טאָג־אָרדענונג אויך אויפן סאָציאַליסטישן צוזאַמענפאָר אין פּאַריז (1900). דאָס איז געשען בעת דער באַהאַנדלונג פון דער טעמע: די דעראָבערונג פון דער מאַכט און די פאַרבינדונג מיט די בורזשואַזע פּאַרטייען. קאַוטסקי האָט אויסגעדריקט די מיינונג פון דער מערהייט, אַז מ׳דאַרף דערמעגלעכן די באַטייליקונג פון סאָציאַליסטן אין בורזשואַזע רעגירונגען אַלס אַ צייטווייליקער שריט, נאָר אין אויסערגעוויינלעכע פאַלן. די אָרטיקע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי וועט זיין באַפולמעכטיקט צו באַשטימען וועלכער און ווען איז דער פאַל וועלכן מ׳קען באַצייכענען ווי אַן אויסערגעוויינלעכן, אָבער צוזאַמען מיט דעם האָט די מערהייט אין דעם צוזאַמענפאָר באַשטימט, אַז דאָס אַריינטרעטן פון סאָציאַליסטן אין אַ בורזשואַזער רעגירונג איז ניט קיין עפעקטיווער מיטל צו געווינען די פּאָליטישע מאַכט דורכן אַרבעטער־קלאַס. דער פאַרשלאָג פון דער מינדערהייט, פאָרמולירט דורך פערי און געד, האָט אָפּגעוואָרפן אָן שום באַדינגונגען די באַטייליקונג פון סאָציאַליסטן אין בורזשואַזע רעגירונגען. דורך דעם האָט דער לינקער פליגל אין אינטערנאַציאָנאַל אונטערשטראָכן זיין טריישאַפט דעם פאַרצוג פון אָפּאָזיציאָנעלן קלאַסן־קאַמף ווי אַ וועג צו טיילווייזע אויסבעסערונגען און צו דערווערבן די פּאָליטישע מאַכט.

די דאָזיקע פראַגע איז פון דאָס ניי אויפגעשווומען אויף וועלט־צוזאַמענפאָרן פונעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, בעת דער סאָציאַליסטישער איטאַליענישער פירער, פיליפּאָ טוראַטי, איז פאַרבעטן געוואָרן אַריינצוטרעטן אין דער רעגירונג (1903); ווען דער דענישער קעניג האָט פאָרגעשלאָגן דעם פאָרזיצער פון דער סאָציאַליסטישער דענישער פּאַרטיי אָנצונעמען דעם מיניסטער־פּאָרטפעל א״אַ.

די דיסקוסיעס האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום די פאָלגנדיקע פּראָבלעמען: צי דאַרפן די סאָציאַליסטן אויסאיבן זייער געזעלשאַפטלעכן דרוק פאַר קליינע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אויסבעסערונגען דורך זייער באַטייליקונג אין בורזשואַזע רעגירונגען, און דערביי נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער אַלגעמיינער רעגירונגס־פּאָליטיק, וועלכע איז, אין די ווייטיקסטע געביטן, געווענדט קעגן די אַרבעטער, אָדער צי איז מער עפעקטיוו און פּרינציפּיעל ריכטיק צו מאָביליזירן דעם אַרבע־



ראָזאַ לוקסעמבורג רעדט אויף אַ מיטינג אין שטוטגאַרט (1907)

טער־קלאַס צו אַן אָפּאָזיציאָנעלן מאַסן־קאַמף מיטן ציל איבערצונעמען די פּאָליטישע מאַכט.

אין דער צייט פונעם מיליטערישן רעאַקציאָנערן פּוטש פון קאַפּ־ליטוויץ אין דייטשלאַנד (מאַרץ 1920) איז אַנטשטאַנען מיט דער גאַנצער דרינגלעכקייט די פראַגע ווי אַזוי אים צו ליקווידירן. די היסטאָרישע דערפאַרונג האָט באַוויזן, אַז די באַטייליקונג פון סאָציאַליסטן אין דער דייטשישער רעגירונג איז ניט געווען בכוח צו פאַרמיידן דעם רעאַקציאָנערן מיליטערישן פּוטש. אין דער זעלבער צייט האָט דער אַלגעמיינער שטרייק, וועלכן ס׳האָבן דערפאָלגרייך און געמיינזאַם אָרגאַניזירט און אָנגעפירט די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, געשטיצט דורך דער מערהייט פון פאָלק — מצליח געווען אָפּצושטויסן די געפערלעכע רעאַקציאָנערע אָפענסיווע.

די עמבריאָנעלע אידעאָלאָגישע קאָנפראָנטאַציע אין דער פראַגע האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דער דילעמע: צי איז געוווּנטשן אויסצופאָרמירן אַן אומאָפּהענגיקע פּאָליטיק פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין צוזאַמענאַרבעט מיט דעמאָקראַטישע כוחות, קעגן דעם גרויס־קאַפּיטאַל, אָדער צי איז ריכטיק איינצוגלידערן די אַרבעטער־באַוועגונג אין דער אחריות פון דער בורזשואַזער רעגירונג אין דער האָפענונג אויסצובעסערן איר פּאָליטיק.

בעת דער ווײַמאַר־רעפּובליק איז אין דייטשלאַנד אַנטשטאַנען אַ פּאָליטישע פראַגע פון גאָר גרויסער וויכטיקייט: וואָס דאַרפן טאָן די אַרבעטער־פּאַרטייען אין אָנבליק פון דער פאַשיסטישער געפאַר? צי און ווי אַזוי איז מעגלעך עפעקטיוו צו שאַפן אַ ברייטן דעמאָקראַטישן פראָנט, כדי צו פאַרמיידן דאָס פאַרכאַפּן די מאַכט דורכן פאַשיזם?

# די קאָלאָניאַלע פראַגע אינעם ערשטן פעריאָד פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל

די דיסקוסיע אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַרום דער קאָלאָניאַלער פראַגע איז ניט געווען אָפּגעריסן פון דער שטעלונג צו דער מלחמה, צוליב וועלכער די קאָלאָניעס זענען אָקופּירט געוואָרן און ס׳איז אַרויפגעצוווּנגען געוואָרן אַ פרעמדע הערשאַפט אויף די באַזיגטע פעלקער.

די שאַרפע שפּאַלטונג אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין צוזאַמענהאַנג מיט דער שטעלונג צו דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט געצויגן איר

יניקה פון די גרינטלעכע מיינונגס־אונטערשיידן אַרום דער קאָלאָניאַלער פראַגע שוין ביים סוף פונעם 19טן י״ה.

אין זיין בוך „טעזן צום סאָציאַליזם״, דערשינען אין יאָר 1899, האָט עדואַרד בערנשטיין פּרובירט צו רעווידירן די שטעלונג פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע צו דער קאָלאָניאַלער פראַגע, ווי אויך צום באַשלוס פון לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר פון אינטערנאַציאָנאַל פון 1896. דער צוזאַמענפאָר האָט אָנערקענט די רעכט פון אַלע פעלקער צו פולער נאַציאָנאַלער סוווערעניטעט.

עדואַרד בערנשטיין האָט געגעבן זיין מאָראַלישע שטיצע פאַר די מיליטערישע דעראָבערונגען פונעם דייטשישן אימפּעריאַליזם אין כינע אין רעזולטאַט פון דער אַרענדע פונעם קיאַאָטשאָ־ברעג, וואָס איז אַרויפגעצוווּנגען געוואָרן אויף כינע מצד דער דייטשישער רעגירונג. בערנשטיין האָט אויך געשטיצט דעם קריג, וועלכן די ענגלישע רעגירונג האָט געפירט אין דרום־אַפריקע קעגן די בורן. אין קעגנזאַץ צו דעם האָבן די פאַרשטייער פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי אין רייכסטאַג פראָטעסטירט קעגן דער דייטשישער אַריינדרינגונג אויפן קיאַאָטשאָ־ברעג. זיי האָבן בפירוש פאַראורטיילט יעדע פאָרעם פון קאָלאָניאַליזם ווי אַ קעגנזעצלעכע צו די אָנגענומענע פּרינציפּן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און אויסגעדריקט זייער פעסטע שטיצע פאַר די רעכט פון די פעלקער צו נאַציאָנאַלער פולער אומאָפּהענגיקייט.

עדואַרד בערנשטיין האָט אַרגומענטירט זיין שטיצע פאַר דער אויבנדערמאָנטער אַרענדירונג פון קיאַאָטשאָ־ברעג מיט דעם, אַז דאָס דערמעגלעכט דער דייטשישער אימפּעריע צו ווערן אַ דעצידירנדיקער פאַקטאָר אין דער צעטיילונג פון כינע. די אויבנדערמאָנטע שטעלונג איז באַגלייט געוואָרן מיט אַ דערקלערונג וועגן קעגנערשאַפט צו ווייטערדיקע דעראָבערונגען, אָבער די אָקופּירונג פון קיאַאָטשאָ האָט, לויט זיין מיינונג, ניט געדאַרפט דערוועקן קיין קעגנערשאַפט.

לויט בערנשטיינס קאָנצעפּציע איז דער קאָלאָניאַליזם אַ נויטווענדיקער פאַקטאָר אויף צו אַנטוויקלען די נאַטירלעכע רייכטימער פון דער טראָפּישער זאָנע. דערפאַר איז, לויט זיין מיינונג, יושרדיק, אַז די מער אַנטוויקלטע ציוויליזירטע מלוכות זאָלן האָבן פּריווילעגיעס אין די קאָלאָניעס.

בערנשטיינס שטעלונג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן דורך דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי און דורכן צווייטן אינטערנאַציאָנאַל

אין איין און דער זעלבער צייט. דער מיינץ־צוזאַמענפאָר פון דער דייטשי־שער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע (1900), וועלכער האָט אָפּגעוואָרפן בערנשטיינס שטעלונג, האָט באַשטימט, אַז דער מקור פון קאָלאָניאַליזם זענען די אומ־געזעטיקטע פאָדערונגען פון דער גרויס־בורזשואַזיע, וועלכע זוכט נייע באַקוועמע פלעצער פאַר אינוועסטיציעס, פאַר ווייטערדיקער קאַפּיטאַל־אָנזאַמלונג, פאַר נייע מערק און זי פירט אַן אַנעקסיע־פּאָליטיק פון פרעמ־דע לענדער דורך אָנווענדן כּוח, דורך ברוטאַלער אונטערדריקונג און אויס־נוצונג פנן די „נייטיוו"־איינוווינער אין די קאָלאָניאַלע לענדער.

אין זיין רעוויזיע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאָליטיק האָט עדוואַרד בערנשטיין פּאַקטיש געזוכט צו שטיצן געשעענע פאַקטן פונעם דייטשישן אימפּעריאַליזם, וועלכן ער האָט דעפינירט אַלס קאָלאָניאַלע רעאַליסטישע פּאָליטיק.

דער 5טער צוזאַמענפאָר פון אינטערנאַציאָנאַל אין פּאַריז (1900) האָט אַן רעזערוואַציעס אָפּגעוואָרפן דעם קאָלאָניאַליזם און האָט אויפגעקלערט די אינערלעכע פאַרבינדונג צווישן דעם אימפּעריאַליזם (דעם לעצטן עטאַפּ פון קאַפּיטאַליזם), דער קאָלאָניאַלער עקספּאַנסיע און די אומגערעכטע מלחמות. דער צוזאַמענפאָר האָט דערוויזן, אַז די קאָלאָניאַלע אויסשפּריי־טונג איז אַן אומפאַרמיידלעכע באַגלייט־דערשיינונג פון קאַפּיטאַליזם אין זיין אימפּעריאַליסטישן עטאַפּ. דער אימפּעריאַליזם, וואָס דראָט מיט אַן אייראָפּעישער מלחמה, איז אַ מקור פון שאָוויניזם און ער לייגט אַרויף אַן אַלץ גרעסערן עול אויף די פאָלקסמאַסן דורך אַלץ מער פאַרברייטערטע מיליטערישע אויסגאַבן. די רעזאָלוציע האָט דעריבער גערופן די אַרבעטער פון דער גאָרער וועלט צו פאַראורטיילן די קאָלאָניאַלע פּאָליטיק פון דער בורזשואַזיע, קעמפן קעגן דער קאָלאָניאַלער עקספּאַנסיע און אָפּשטעלן די אומגערעכטיקייט און די אַכזריות, וועלכע זענען אַרויפגעצוווּנגען געוואָרן אויף די אָרטיקע איינוווינער.

אַן אידעאָלאָגישע קאָנפראָנטאַציע אין דער נאַציאָנאַלער און קאָלאָ־ניאַלער פראַגע און וועגן דער שטעלונג צו אַן אַגרעסיווער מלחמה איז פאָרגעקומען אויך בעתן אָננעמען אַ שטעלונג צו דער מלחמה קעגן די בורן אין דרום־אַפריקע, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1899 און זיך געצויגן ביז 1902. לויט דער מיינונג פון דער מערהייט סאָציאַליסטן אין דער וועלט, איינגעשלאָסן אַ באַדייטנדיקן טייל סאָציאַליסטן אין ענגלאַנד, איז דאָס געווען אַ טיפּישער ביישפּיל פון קאָלאָניאַלער מלחמה, דורך וועלכער דער קאַפּיטאַליסטן־קלאַס האָט פאַרכאַפּט די גאָלד־פעלדער פון

דרום־אַפריקע. די אומאָפּהענגיקע אַרבעט־פּאַרטיי אין ענגלאַנד (J.L.P.) און די דעמאָקראַטישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע (S.D.F.) זענען אַרויסגע־טראָטן קעגן דאָזיקן קריג אין איינקלאַנג מיטן גייסט פון די קאָנגרעס־באַשלוסן פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, אָבער אַן אַנדער טייל פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין ענגלאַנד, דער פאַביאַנישער פאַרבאַנד, האָט געשטיצט די אַנעקסיע פון דער בורער רעפּובליק דורך דער בריטי־שער אימפּעריע. דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין דעם מאַניפעסט, וועלכער איז פאַרפאַסט געוואָרן דורך בערנאַרד שאָו. ס'ווערט דאָרט גע־זאָגט, אַז די גאָלד־פעלדער פון דרום־אַפריקע דאַרפן זיין אַן אינטערנאַ־ציאָנאַלער אייגנטום און געניצט ווערן „לטובת אַלע פעלקער". אָבער אַזוי ווי אַזאַ וועלטלעכע מדינה האָט ניט עקזיסטירט, האָט דער מאַניפעסט גע־רופן שטיצן די אַנעקסיע פון דער בורישער רעפּובליק דורך דער גרויס־מאַכט בריטאַניע.

אַן ענלעכע מיינונג האָט אויסגעדריקט עדואַרד בערנשטיין. ביז צום אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענפאָר אין שטוטגאַרט (אויגוסט 1907) האָבן די באַשלוסן פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אָפן פאַראורטיילט די קאָלאָניאַלע פּאָליטיק פון דער גרויס־בורזשואַזיע ווי רויבפּאָליטיק און גוואַלדטאַט. אויפן שטוטגאַרט־צוזאַמענפאָר האָט זיך געפירט אַ שאַרפע דיסקוסיע לגבי דער שטעלונג צו קאָלאָניאַלער עקספּאַנסיע פון די גרויסמאַכטן, ווען די כּוחות־פאַרהעלטענישן צווישן די פאַרשיידענע מיינונגען זענען געווען כּמעט גלייך.

אין דעם באַשלוס־פאַרשלאָג איז איינגעשלאָסן געוואָרן אַ זאַץ, אַז דער קאָנגרעס פאַראורטיילט ניט פּרינציפּיעל יעדע קאָלאָניאַלע פּאָליטיק, און אַז אין אַ סאָציאַליסטישן רעזשים קען אַ קאָלאָניאַלע פּאָליטיק אויספילן אַ ציוויליזאַטאָרישע אויפגאַבע.

די מינדערהייט אין קאָנגרעס (די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, די רוסישע און אַנדערע, ווי אויך דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַט געאָרג לעדעבור) האָבן ענערגיש פּראָטעסטירט קעגן דער דאָזיקער שטעלונג.

דאָס פּראָבלעם איז באַריכט געוואָרן אויפן פּלענום פון קאָנגרעס, ווו ס'זענען אַרויסגעטראָטן פאַרשטייער פון צוויי שטרעמונגען, גלייכצאָליקע אין זייער רעפּרעזענטאַנץ, ביז וואַנען ס'האָט זיך צעפּלאַקערט אַ שטורמישע דעבאַטע. עדואַרד בערנשטיין און דאַוויד זענען אַרויסגעטראָטן, אין נאָמען פון דער מערהייט פון דער דייטשישער דעלעגאַציע, פאַר אַ סאָציאַליסטי־שער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק. זיי זענען אַרויסגעטראָטן קעגן ראַדיקאַלן

שטראָם אין דער אַרבעטער־באַוועגונג מיט דער טענה, אַז ער נעגירט אומבאַגרינדט די רעגירונגס־פּאָליטיק און שאַצט ניט אָפּ ווי ס׳באַדאַרף צו זיין דעם ווערט פון די רעפאָרמעס.

אויף דעם צוזאַמענפאָר איז קאַוטסקי אַרויסגעטראָטן קעגן די רעוויזיאָניסטן און האָט אונטערגעשטראָכן, אַז די דיסקוסיע פירט זיך בכלל ניט וועגן איגנאָרירן סאָציאַלע רעפאָרמעס, נאָר וועגן דעם צי מ׳דאַרף מאַכן קאָנצעסיעס דעם היינטיקן בורזשואַזן רעזשים, וועלכער באַזירט זיך אויף רויב און גוואַלדטאַט און צי מ׳דאַרף בכלל פּרינציפּיעל שטיצן די קאָלאָניאַלע פּאָליטיק. מיט אַ מערהייט פון 128 קעגן 108 און 10 אָפּגעהאַלטענע (די שווייצאַרישע דעלעגאַטן) האָט דער צוזאַמענפאָר אַראָפּגענומען פון טאָג־אָרדענונג דעם פאָרשלאָג פונעם רעוויזיאָניסטישן פליגל. דאָס איז געשען טראָץ דעם, וואָס די פּאַרטיידיקער פון דער שטעלונג האָבן פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ באַדייטנדיקע מינדערהייט אויפן צוזאַמענפאָר ווי אויך אין פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

אין איר אַרויסטריט אויפן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענפאָר האָט ראָזאַ לוקסעמבורג באַטאָנט די פאַרבינדונג צווישן דער קאָלאָניאַלער פראַגע און דעם מיליטאַריזם. מיליטאַריזם און קאָלאָניאַליזם זענען, לויט איר מיינונג, צוויי אַספּעקטן פון איין דערשיינונג אין דער וועלט־פּאָליטיק און דראָט מיט אַ שטענדיקן קריג. אין אָנבליק פון דער געפאַר דאַרפן די פּאַרטייען פון אַרבעטער־קלאַס אָרגאַניזירן אַקציעס ניט נאָר אין טאָגטעגלעכן קאַמף קעגן קאָלאָניאַליזם און מיליטאַריזם, נאָר אויך פאַר דעם ענדציל, דאָס הייסט פאַר דער דעראָבערונג פון דער מאַכט דורכן אַרבעטער־קלאַס.

דער לינקער פליגל אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג האָט גערופן צו זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט פאַר די אונטערדריקטע פעלקער ביז אָפּטיילן זיך. לענין האָט אויפגעוויזן, אַז ס׳עקזיסטירט אַן אינעווייניקסטע פאַרבינדונג צווישן אַ גערעכטער, סאָציאַליסטישער לייזונג פאַר דער נאַציאָנאַלער און קאָלאָניאַלער פראַגע און צווישן דעם קאַמף פאַר ליקווידירן דעם אימפּעריאַליסטישן רעזשים און פאַרווירקלעכונג פון זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט ביז אָפּטיילן זיך — פאַר אַלע אונטערדריקטע פעלקער.

אין זיין אַרטיקל „וועגן אַרבעטער־קלאַס און די נאַציאָנאַלע פראַגע״, געדרוקט אין „פּראַוודאַ״ (מאַי 1913) האָט לענין געשריבן: „כּדי די פאַרשיידענע נאַציעס זאָלן קענען לעבן צוזאַמען אין פרייהייט און פרידן אָדער

זיך אָפּטיילן איינע פון דער צווייטער (ווען זיי געפינען עס פאַר מער נוצלעך), כדי אויפצושטעלן באַזונדערע מדינות, איז נויטווענדיק אַ פולער דעמאָקראַטיזם, פאַר וועלכן ס'קעמפט דער אַרבעטער־קלאַס.

דער וועזן פון דעמאָקראַטיזם איז — קיין שום פּריווילעגיע פאַר קיין נאַציע, פאַר קיין שפּראַך. קיין שום אונטערדריקונג, אַפילו ניט די קלענסטע. קיין שום אומגערעכטיקייט און אַפילו ניט די קלענסטע לגבי דער נאַציאָנאַלער מינדערהייט! — דאָס זענען די פּרינציפּן פון דער אַרבעטער־דעמאָקראַטיע".

די מיינונגס־אונטערשיידן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג וועגן קאָלאָניאַליזם, וועגן כאַראַקטער פון אימפּעריאַליזם — צי פּילט ער אויס וועזנטלעך אַ פּאָרגעשריטענע ציוויליזאַטאָרישע ראָל אָדער ער אונטערדריקט פעלקער, כדי צו געווינען פּראָפיטן — זענען דערגאַנגען צום דראַמאַטישן שיידוועג אין אויגוסט 1914 מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

# די אָרגאַניזירונג פון אַ מאַרקסיסטישער פּאַרטיי אין רוסלאַנד

די מאַרקסיסטישע קרייזן האָבן זיך קאָנסאָלידירט אין רוסלאַנד אידעיִש און אָרגאַניזאַציאָנעל צום סוף פון 19טן און אָנהייב פון 20סטן יאָרהונדערט אינעם קאַמף קעגן דער אַנשויונג פון די „עקאָנאָמיסטן". די „עקאָנאָמיסטן" האָבן איגנאָרירט די נויטווענדיקייט פון אַ פּאָליטישער באַזונדערער פּאַרטיי פונעם רוסישן אַרבעטער־קלאַס ווי אויך דעם פּאָליטישן קאַמף אַפּצושאַפן דעם צאַריזם.

דער עקאָנאָמיזם איז געווען אַ ספּעציפישער רוסישער אויסדרוק פון דער אַלגעמיינער רעפאָרמיסטישער שטרעמונג אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכער האָט אַוועקגעשטעלט אין צענטער די עקאָנאָמישע פאַרבעסערונגען אין די באַדינגונגען פון די אַרבעטער. ער האָט גערופן צו באַגרענעצטע אויסבעסערונגען אין דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם און האָט נעגירט די מאַרקסיסטישע וועלט־אַנשויונג וועגן דער פּאָליטישער אומאָפּהענגיקער ראָל פונעם אַרבעטער־קלאַס.

אין קעגנזאַץ צו דער לערע פון די עקאָנאָמיסטן, האָט לענין אַנטוויקלט אַ טעאָריע, אַז דער אַרבעטער־קלאַס דאַרף פירן זיין קאַמף קעגן

דער בורזשואַזיע ניט נאָר אויפן עקאָנאָמישן געביט אין די ראַמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם. ער דאַרף פאַנאַנדערוויקלען אַ פּאָ־ליטישע קאַמפּאַניע אָפּצושאַפן דעם עקספּלואַטירנדיקן קלאַסן־רעזשים און אויפצושטעלן אַ נייע געזעלשאַפטלעכע סיסטעם, אַ סאָציאַליסטישע.

די רוסישע מאַרקסיסטן האָבן אָפּגעוואָרפן די טעזע פון די עקאָנאָמיסטן וועגן דער סטיכישער אַנטוויקלונג פונעם אַרבעטער־קלאַס צום שטאַפּ פון סאָציאַליסטישן באַוווסטזיין און אַקטיווקייט.

אין זיין בוך „וואָס דאַרף מען טאָן?" פון 1902 האָט לענין אַנט־וויקלט דעם געדאַנק וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ מאַרקסיסטישער פּאַרטיי אַלס רעוואָלוציאָנערע געזעלשאַפטלעכע קראַפט, וועלכע וועט זיין פעיִק צו פירן די אַרבעטער, אָרעמע פּויערים און אַרבעטנדיקע אינ־טעליגענץ צו באַלדיקע דעמאָקראַטישע קאַמפן און שפּעטער ווייטער־אַנטוויקלען זיי צו אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.



לענין — דער פירער פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע

נעגירנדיק די פילאָזאָפיע פון „סטיכישקייט" אין די אַרבעטער־קאַמפן האָבן די מאַרקסיסטן אונטערגעשטראָכן די אויסגעשפּראָכענע וויכטיקייט פון דער רעוואָלוציאָנערער טעאָריע. די אָביעקטיווע באַדינגונגען, לויט וועלכע ס'אַנטוויקלט זיך אַן אַנטאַגאָניסטישער קעגנזאַץ צווישן די קאַפּי־

טאַליסטן און די אַרבעטנדיקע קלאַסן, זענען ניט גענוגנדיק, כּדי צו אָר־גאַניזירן אַ רעוואָלוציאָנערן קאַמף. אַ נויטווענדיקער באַדינג צום אַנט־וויקלען אַזאַ קאַמף — איז קלאַסן־באַוווּסטזיין און אַ הויכער ניוואָ פון סוביעקטיווער גרייטקייט פון פּראָגרעסיווע מענטשן צו זיין אַקטיוו אין גייסט פון פאָרשריט. אַ פאַרקלענערונג פון דער ראָל און וויכטיקייט פון דער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע מוז אָביעקטיוו ברענגען, לויט לענינס מיינונג, צום פאַרשטאַרקן דעם איינפלוס פון דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע.

דער אידעאַל פון אַ ריכטיקן סאָציאַל־דעמאָקראַט, האָט לענין אונ־טערגעשטראָכן, דאַרף ניט זיין קיין סעקרעטאַר פון אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, נאָר אַ פאָלקס־טריבון, וועלכער איז פעיִק צו פאַראַלגעמיינערן אַלע אויסדרוקן פון עוולות אין דער קעגנוואַרטיקער סיסטעם אין איין בילד פון קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע.

פאַר אַ רעוואָלוציאָנערער מאַרקסיסטישער פּאַרטיי פון אַרבעטער־קלאַס אין רוסלאַנד שטייט אַ גרויסע היסטאָרישע אויפגאַבע: צו צע־שמעטערן די מעכטיקסטע פעסטונג ניט נאָר פון דער אייראָפּעיִשער רעאַק־ציע, נאָר אויך פון דער אַזיאַטישער. די רעאַליזירונג פון דעם פּלאַן וועט אויספאָרמירן דעם רוסישן אַרבעטער־קלאַס אַלס אַוואַנגאַרד פון אינטער־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־קלאַס.

אַרויסגייענדיק פון דעם שטאַנדפּונקט וועגן דער העגעמאָניע פון אַרבעטער־קלאַס און געזעלשאַפטלעכע דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע קאַמפן, האָט לענין באַשטימט די אויפגאַבע פון דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי ווי דער פירנדיקער געזעלשאַפטלעכער כּוח פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע פאַראייניקט און פירט דעם אַלגעמיינעם קלאַסן־קאַמף ווי אויך דעם פּאָליטישן קאַמף. די לערע פון מאַרקס — פלעגט לענין אונטערשטרייכן — איז ניט קיין אויסגעענדיקטע און פאַרפולקומטע, נאָר אַ גרונטשטיין פאַר דער וויסנשאַפט, וועלכע די סאָציאַליסטן זענען מחויב ווייטער צו אַנטוויקלען אין אַלע ריכטונגען אויב זיי ווילן ניט בלייבן הינטערשטעליק לגבי דער לעבנס־אַנטוויקלונג.

דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וועלכע האָט אָנגעהויבן אירע פאַרהאַנדלונגען אין בריסעל און פאָרגע־זעצט זיי אין לאָנדאָן (אויגוסט 1903), איז פאַקטיש געווען דער גרינ־דונגס־צוזאַמענפאָר פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. צווישן די עיקר־

פונקטן, וועלכע זענען געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדענונג פונעם צוזאַמענ־פאָר זענען געווען: די סיסטעם פון פּאַרטייִשער אָרגאַניזאַציע, דער אויסוואַל צווישן אַ פעדעראַטיווער אָדער צענטראַליסטישער סיסטעם, די באַציִונג צו דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, קולטורעלע אויטאָנאָמיע אָדער רעכט פון די פעלקער פאַר זעלבסטבאַשטימונג. איבער די דאָזיקע גרונטפּראַגן האָט זיך געפירט אַ דיסקוסיע ניט נאָר אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, נאָר אויך אין דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

דער מאַקסימום־פּלאַן, וועלכער איז באַשטעטיקט געוואָרן אויפן קאָנגרעס, האָט אָנגעצייכנט דעם גרונטציל פון דער פּאַרטיי: צעשטערונג פון קאַפּיטאַליזם דורך אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע און אויפשטעלן אַ דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. אינעם מינימום־פּראָגראַם זענען באַשטימט געוואָרן באַלדיקע אויפגאַבעס: אַראָפּוואַרפן דעם צאַריזם, דורכפירן אַ בורזשואַז־דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע, אויפשטעלן אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק, איינפירן אַן אַרבעטסטאָג פון אַכט שעה, גלייכהייט פון רעכט פאַר אַלע נאַציעס, אָנערקענונג פון זייער זעלבסטבאַשטימונג־רעכט און אַנולירונג פון די רעשטן פון פעאָדאַליזם אין דאָרף.

דער אונטערשייד צווישן די באָלשעוויקעס (די מערהייט) און די מענשעוויקעס (די מינדערהייט), וועלכער האָט זיך פריִער באַגרענעצט צו דער דעפיניציע פונעם וועזן פון מיטגלידערשאַפט אין פּאַרטיי און דעם וועזן פון פּאַרטייִשער אָרגאַניזאַציע, האָט מיט דער צייט זיך אַנטוויקלט צו צוויי פּאָליטישע קעגנזעצלעכע קאָנצעפּציעס בנוגע דעם פּלאַץ פון די פאַרשיידענע קרעפטן אין דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע און בנוגע דער וועלט־מלחמה און די רעוואָלוציעס, וועלכע זענען אויסגעבראָכן צום סוף פון דער מלחמה.

אין קעגנזאַץ צו דער ליניע, וועלכע האָט זיך אַנטוויקלט אין די פּאַרטייען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, זיך צו קאָנצענטרירן אין טאָגטעג־לעכע געזעלשאַפטלעכע און פּאַרלאַמענטאַרישע קאַמפן ווי אַ צענטראַלער ציל, האָט די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי אָוועקגעשטעלט פאַרן הויפּטציל די צוזאַמענפלעכטונג פון געזעלשאַפטלעכן טאָגטעגלעכן און פּאָליטישן קאַמף צום צעשמעטערן דעם צאַריזם, כּדי נאָך דעם אָפּשאַפן דאָס קאַפּיטאַליס־טישע סיסטעם און אויפבויען אַ סאָציאַליסטישע אָרדענונג.

# צוויי ליניעס אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דער רעוואָלוציע פון 1905

דער אַלגעמיינער פּאָליטישער שטרייק, וואָס איז אויסגעבראָכן דעם 10טן יאַנואַר 1905 אין מאָסקווע, אונטער דער לאָזונג אָפּצושאַפן דעם צאַריזם, ווי אויך די אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד, האָבן אַוועקגעשטעלט אויפן טאָג־אָרדענונג טעאָרעטישע און פּראַקטישע, דרינגענדיקע פּראָבלעמען. איינער פון זיי איז געווען: וועלכער איז דער עפעקטיווער וועג צו צעשמעטערן דעם צאַרישן רעזשים און וואָסערע געזעלשאַפטלעכע קרעפטן קאָנען רעאַליזירן דעם דאָזיקן ציל?

צוויי פאַרשיידענע ליניעס האָבן זיך אויסגעפאָרמירט אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַרום דער פראַגע, אַ וואָסערע איז די געזעלשאַפטלעכע קראַפט, וואָס איז בכוח צו פאַרווירקלעכן די רעוואָלוציע, אַ וואָסערער איז דער כאַראַקטער פון דער רוסישער בורזשואַזיע, וואָסערע איז די אויפגאַבע פון פּראָלעטאַריאַט, וועלכן פּלאַץ פאַרנעמט דאָס פּויערטום און וועלכער איז דער בעסטער וועג אויף דערפירן צו אַ רעפּובליקאַנישער ענדערונג?

די באָלשעוויקעס האָבן געהאַלטן, אַז די הויפּט־געזעלשאַפטלעכע באַוועגנדיקע קראַפט און דער פירער פון דער רעוואָלוציע דאַרף זיין דער פּראָלעטאַריאַט אין פאַרבינדונג מיטן אָרעמען פּויערטום. דאָס אָרעמע פּויערטום קאָן באַקומען ערד און באַפרייען זיך פון דער טיראַנען־הערשאַפט פון די גרונטבאַזיצער נאָר אין אַ צוזאַמענאַרבעט מיטן אַרבעטער־קלאַס און אונטער זיין אָנפירונג.

לויט דער מיינונג פון די באָלשעוויקעס, איז די בורזשואַזיע געווען ניט קיין סטאַבילער פאַקטאָר, ווייל זי איז געוואָרן אָנגעשראָקן פונעם רעוואָלוציאָנערן שוווּנג פון פּראָלעטאַריאַט. אין דער מאָס, ווי די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט זיך אַנטוויקלט, האָט די רוסישע בורזשואַזיע פאַרלאָרן איר אָפּאָזיציאָנעלן כאַראַקטער אין דער באַציִונג צום צאַרישן רעזשים און אָנגעהויבן אַפילו שליסן אָפּמאַכן מיט דער צאַרישער רעגירונג.

דער דריטער צוזאַמענפאָר פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (אַפּריל 1905) האָט אָנגעצייכנט דעם פּלאַן פון אַ בונד צווישן אַרבעטער־קלאַס מיטן אָרעמען פּויערטום דורך אַוועקשטעלן די פאָדערונג

אָפּצושאַפן אַלע רעשטן פון לייבאייגנטום, צו קאָנפיסקירן די ערד פון די גרונטבאַזיצער, פון דער רעגירונג, פון דער קירכע, פון די קלויסטערס און מאָנאַסטירן, פון דער צאַרישער פאַמיליע און איבערגעבן זי די פויערים אָן יעטוועדער אַנטשעדיקונג. דער צוזאַמענפאָר האָט גערופן אויפצושטעלן אין יעדן דאָרף רעוואָלוציאָנערע פויערים־קאָמיטעטן און פאַרווירקלעכן פאַקטיש די דעמאָקראַטישע אַגראַר־רעפאָרמעס. דער אַרבעטער־קלאַס דאַרף ניט בלויז אָנטיילנעמען אין דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע, נאָר אויך שטעלן זיך בראש פון איר און דערפירן זי ביז צום זיג. דער צוזאַמענפאָר האָט אונטערגעשטראָכן די באַזונדערע ראָל פון פּאָליטישע מאַסן־שטרייקן ערב דעם אויפשטאַנד און אין פאַרלויף פון זיין אַנטוויקלונג.

די שטעלונג פון די מענשעוויקעס אין די אַלע יסודותדיקע פראַגן איז געווען אַן אַנדערע. לויט זייער מיינונג דאַרף די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד אָנגעפירט ווערן דורך דער בורזשואַזיע, אַזוי ווי דאָס איז פאָרגעקומען אין די בורזשואַזע דעמאָקראַטישע רעוואָלוציעס אין מערב־אייראָפּע. די מענשעוויקעס האָבן געהאַלטן, אַז דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף זיך באַטייליקן אין דער רעוואָלוציע, אָבער ער דאַרף ניט אויספילן אין איר קיין זעלבשטענדיקע ראָל, ניט אין איר פאַרלויף און אויך ניט אין איר אָנפירונג. לויט זייער מיינונג איז ניט ריכטיק צו באַטראַכטן דאָס אָרעמע פויערטום אַלס פאַרבינדעטע פון אַרבעטער־קלאַס, פאַרקערט, ער איז אַ רעאַקציאָנערער געזעלשאַפטלעכער פאַקטאָר. דערפאַר קאָן ער ניט גענומען ווערן אין באַטראַכט אינעם קאַמף קעגן צאַרישן רעזשים.

אין קעגנזאַץ צו דעם פּלאַן פון די באָלשעוויקעס וועגן אַ מיליטערישן אויפשטאַנד ווי אַ הויפּטמיטל צו צעשמעטערן דעם צאַריזם, זענען די מענשעוויקעס אַרויסגעטראָטן קעגן אָרגאַניזירן אַזאַ אויפשטאַנד. זיי האָבן געהאַלטן, אַז אויפשטאַנד איז אַ סטיכישער געזעלשאַפטלעכער פּראָצעס און דערפאַר איז ניט נייטיק אים צו פּלאַנירן און אָרגאַניזירן.

## דער פונאַנדערפאַל פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

דעם 3טן אויגוסט האָט די מערהייט אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע אין דייטשישן רייסטאַג באַשלאָסן צו שטיצן דעם מיליטערישן בודזשעט וועלכן די רעגירונג פון קייזער ווילהעלם האָט געפאָדערט. דאָס

איז געווען אין אַ בפירושער סתירה צום באַשלוס פון אינטערנאַציאָנאַל־צוזאַמענפאָר אין באַזעל (1912) אַרויסצוטרעטן קעגן דער דראָענדיקער מלחמה און מאָביליזירן דעם אַרבעטער־קלאַס צו מאַקסימאַלער געזעל־שאַפטלעכער מאַסן־אַקטיוויטעט, כּדי אָפּצושטעלן די מלחמה — אויב ס'וועט זיך ניט איינגעבן צו פאַרמיידן איר אויסברוך.

אויף דער היסטאָרישער זיצונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע אין רייכסטאַג האָבן געשטימט פאַרן מיליטערישן בודזשעט 78 דעפּוטאַטן; 14 האָבן געשטימט קעגן; אייניקע האָבן זיך אָפּגעהאַלטן. אויף דער דאָזיקער דראַמאַטישער זיצונג איז איבערגעגעבן געוואָרן, אַז אַ רעגירונגס־פאָרשטייער האָט אין אַ געשפּרעך מיט אַ סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישן פאָרשטייער אויסגעדריקט דעם ווונטש, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירערשאַפט זאָל אָפּשוואַכן דעם רוף זיך קעגנצושטעלן מיליטערישער עקספּאַנסיע. די אויבנדערמאָנטע אָפּשטימונג פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן פאַרן מיליטערישן בודזשעט האָט געשאַפן אַ שאַרפן ווענדפּונקט ביי דער מערהייט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פירערשאַפט. נאָך דער דראַס־טישער ווענדונג פאַר שטיצן די מלחמה האָט אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער פרעסע אָנגעהויבן זיך באַווייזן דער רוף צו קלאַסן־האַרמאָניע און פאַר אַן אָפענער שטיצע אין דער מלחמה־פּאָליטיק פון דער קייזער ווילהעלם־רעגירונג.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע דייטשישע פּאַרטיי האָט געהאַט די גרעסטע השפּעה אינעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. די שטיצע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער מערהייט־פירערשאַפט פאַר די מיליטערישע בודזשעטן און פאַר דער רעגירונג ביים מלחמה־אויסברוך האָט געגעבן אַ טויטקלאַפּ דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

דער פונאַנדערפאַל פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אין אויגוסט 1914 איז אין זיין מהות געווען ניט קיין אָרגאַניזאַציאָנעלע שוואַכקייט פון איבעררייסן די אינטערנאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען צווישן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון די קעמפנדיקע לענדער, נאָר אַ יסודותדיקע פּאָליטישע ענ־דערונג אין די באַציִונגען צווישן די אַרבעטער־פּאַרטייען; דאָס איז געווען איינער פון די רעזולטאַטן פון אָפּשאַפן דעם געמיינזאַמען פּאָליטישן באַזיס פאַר זייער טעטיקייט.

דער פריִערדיקער געמיינזאַמער פּאָליטישער באַזיס פאַר זייער טעטי־קייט איז געווען די אָפּשאַצונג, אַז די דראָענדיקע מלחמה טראָגט אַן אַג־רעסיוון כאַראַקטער מצד די גרויסמאַכטן. די סאָציאַליסטישע אינטערנאַ־

ציאָנאַלע צוזאַמענפאָרן אין שטוטגאַרט (1907), קאָפּענהאַגען (1910) און באַזעל (1912) האָבן אויספאָרמירט אַ באַגרינדעטע און דרייסטע שטרע־בונג זיך קעגנצושטעלן דער מלחמה, אַרויסגייענדיק פון שטאַנדפּונקט, אַז די גרויסמאַכטן גרייטן צו אַן אַגרעסיווע מלחמה, ווייל דער גרויס־קאַפּיטאַל זוכט צו באַהערשן נייע מערק.

דער באַזעל־צוזאַמענפאָר (1912), וועלכער איז פאַקטיש געווען דער לעצטער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס ערב דער וועלט־מלחמה, האָט דעפינירט די דראָענדיקע מלחמה ניט ווי אַ נאַציאָנאַלע, נאָר ווי אַ רויב־מלחמה. נאַציאָנאַלע מלחמות זענען געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער תקופה 1871—1789, אָבער אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז אַ מלחמה אין גרויסן פאַרנעם אין די אינטערעסן פון אימפּעריאַליסטישן קאַפּיטאַליזם, פון דינאַסטישע אַמביציעס און פון אָקופּאַציע־פּאָליטיק פון ביידע צדדים.

דער באַשלוס פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער מערהייט אין דער פּירערשאַפט לטובת דער מלחמה איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ פאַר־שטאַרקטער רעוויזיאָניסטישער שטרעמונג אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע האָט געגעבן פאַרצוג דער צוזאַמענאַרבעט מיט דער בורזשואַזיע איבער דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט צו פאַרמיידן אַ מלחמה.

די אונטערשטיצער פון דער רעוויזיאָניסטישער שטרעמונג האָבן זיך קעגנגעשטעלט דער מלחמה כּל זמן זי איז בלויז געווען אַ דראָונג, אָבער באַלד ווי די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט די פּירערשאַפט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי זיך אָנגעהויבן צו באַטראַכטן פאַר אַן אָרגאַנישן טייל פון דער נאַציאָנאַלער אייניקייט.

אין זיין דערקלערונג אין נאָמען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע אין רייכסטאַג וועגן איר שטיצע פונעם מלחמה־בודזשעט האָט האַאַזע ניט געפונען בכלל פאַר נייטיק אויפצוקלערן די סיבה פונעם שאַרפן ווענדפּונקט — פון קעגנערשאַפט צו דער מלחמה פאַר איר אויסברוך ביז שטיצן זי נאָך איר צעפלאַקערונג. ס'ווייזט אויס, אַז אין די אויגן פון דער מערהייט אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָנפירונג, האָט דער באַשלוס צו שטיצן די מלחמה אויסגעזען אַזוי נאַטירלעך, אַז זי האָט אַפילו ניט געפילט קיין נויטווענדיקייט אויפקלערן עפנטלעך די סיבות פון דער שאַר־פער און אומדערוואַרטער ווענדונג.

אין זיין רעדע אין רייכסטאַג האָט האַאַזע געזאָגט: „מיר דאַרפן היינט

דעצידירן ניט פֿאַר אָדער קעגן מלחמה, נאָר וועלכע זענען די מיטלען וואָס זענען נייטיק צו פֿאַרטיידיקן די מדינה״.

דעם דאָזיקן באַשלוס האָט די מערהייט פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פֿראַקציע אָנגענומען נאָך דעם ווי ס׳איז שוין דערקלערט געוואָרן אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע, נאָכן פֿאַרעפֿנטלעכן די אויסנאַם־געזעצן און נאָך דעם ווי ס׳איז איינגעפֿירט געוואָרן אַ האַרבע פּרעסע־צענזור.

דער ווענדפּונקט אין דער ריכטונג פֿון שטיצן די מלחמה איז געווען אַ רעזולטאַט פֿונעם זיג פֿון דער רעוויזיאָניסטישער שטרעמונג אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער דייטשישער פּאַרטיי. כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער דאָזיקער שטרעמונג איז געווען די שטופֿנווייזע איינגלידערונג אין קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם און דאָס באַנוגענען זיך מיט עקאָנאָמישע טאָג־טעגלעכע אויסבעסערונגען (Kleinarbeit). די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פֿירערשאַפֿט האָט פֿונדאַמענטאַל זיך באַצויגן פּאָזיטיוו צום קאַפּיטאַליזם. דערפֿאַר האָט זי גערופֿן משלים זיין מיט די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע מאַכט־פּאָזיציעס פֿון די קאַפּיטאַליסטן שטרעבנדיק צו געוויסע אויסבעסערונגען אין דער סאָציאַלער געזעצגעבונג און אין די טאָגטעגלעכע אַרבעטס־באַדינגונגען פֿון די אַרבעטער.

באַלערנדיק איז צו פֿאַרגלייכן דעם אינהאַלט פֿון האַאַזעס שטיצע־דערקלערונג אין רייכסטאָג דעם 4טן אויגוסט 1914 בעתן באַהאַנדלען דעם מיליטערישן בודזשעט מיטן אינהאַלט פֿונעם פּראָטעסט־באַשלוס אויפֿן אַרבעטער־מיטינג אין בערלין קעגן דעם אולטימאַטום פֿון דער עסטרייכישער רעגירונג צו סערביע (פֿאַרעפֿנטלעכט דעם 29סטן יולי 1914 אין „פֿאָרווערטס״). ס׳איז אויך אינטערעסאַנט צו לייענען די פּאָליציי־פּראָטאָקאָלן וועגן די אַנטי־מלחמה־דעמאָנסטראַציעס פֿון צענדליקער טויזנטער אַרבעטער אין בערלין דעם 1טן אויגוסט 1914. די דאָזיקע פּראָטאָקאָלן זענען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אין אַ דאָקומענטן־זאַמלונג פֿון דער דייטשישער אַרבעטער־באַוועגונג. אָט דער פֿאַרגלייך באַווייזט דעם שאַרפֿן קעגנזאַץ צווישן דער שטעלונג פֿון דער מערהייט אין דער פֿירערשאַפֿט און צווישן דער שטעלונג פֿון גרויסע טיילן פֿון פּאַרטיי־מיטגלידער וועגן דער באַציִונג צו דער פֿונאַנדערגעפֿלאַקערטער מלחמה.

איינע פֿון די אויסדרוקן פֿונעם געזעלשאַפֿטלעכן קאַמף קעגן די

מלחמה־צוגרייטונגען איז געווען די פאַרצווייגטע טעטיקייט פון דייטשישן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן רייכסטאַג־דעפּוטאַט, קאַרל ליבקנעכט. אַרויס־טרעטנדיק אין רייכסטאַג, האָט קאַרל ליבקנעכט אויפגעוויזן, פאַררופנדיק זיך אויף דאָקומענטן, אַז די דייטשישע וואָפן־פאַבריקן האָבן געהיימע פאַרבינדונגען מיט די מיליטער־אינסטאַנצן און מיט די פּרעסע־אייגנטי־מער. זייער ציל איז צו ווירקן אויף דער פאַרעפנטלעכונג פון טענדענ־ציעזע ידיעות אויפן געביט פון באַוואָפענונג, כדי צו פאַרשטאַרקן די מיליטערישע שפּאַנונג, אַרויסרופן און אויסברייטערן קעגנזייטיקע פאַר־דאַכטן צווישן די פעלקער פון דייטשלאַנד און פראַנקרייך, פאַרשטאַרקן דעם וואָפן־געיעג און שאַפן אַן אַטמאָספער, אַז די מלחמה אין אייראָפּע איז אומפאַרמיידלעך.

אין קעגנזאַץ צו דער מלחמה־שטיצע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער פראַקציע אין דייטשישן רייכסטאַג, האָבן אין דער רוסישער דומע זיך פאַראייניקט די באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס מיט 11 דעפּוטאַטן פון קערענסקיס פּאַרטיי און אַלע צוזאַמען האָבן זיי זיך אָפּגעהאַלטן פון שטיצן דעם מיליטערישן בודזשעט. אויך אין סערביע האָבן די סאָציאַליסטישע פאַרשטייער אין פּאַרלאַמענט אויסגעדריקט אַן אומאָפּהענגיקע שטעלונג און ניט געשטיצט דעם מיליטערישן בודזשעט, וועלכן זייער רעגירונג האָט פאַרגעלייגט.

טראָץ דעם וואָס די מערהייט אין דער פירערשאַפט פון די אייראָ־פּעאישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען איז בעתן קריטישן ווענדפּונקט פון שלום צו מלחמה איינגעגלידערט געוואָרן אין אַ בשותפותדיקן פראָנט מיט דער בורזשואַזיע, זענען דאָך אין אָט דעם שווערן מאָמענט געבליבן טיילן אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וועלכע האָבן דרייסט זיך קעגנגעשטעלט צו שטיצן די מלחמה.

זיי האָבן אָנגענומען אַ זעלבשטענדיקע שטעלונג ניט געקוקט אויף די אויסנאַם־געזעצן, אויף דער צענזור און אויף דער צעיושעטער מיליטאַ־ריסטישער אַטמאָספער און זיך אָפּגעזאָגט צו שטיצן דעם מלחמה־בודזשעט, וואָס האָט געצילט צו פינאַנסירן דעם קעגנזייטיקן פעלקער־מאָרד אין די יאָרן 1914—1918.

# די ערשטע וועלט־מלחמה אַ נאַציאָנאַלע אָדער אַן אימפּעריאַליסטישע?

צי איז די ערשטע וועלט־מלחמה געווען אַ נאַציאָנאַלע אָדער איר כאַראַקטער איז געווען אַן אימפּעריאַליסטישער? וועגן דעם זענען געגעבן געוואָרן פאַרשיידענע ענטפערס אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. די רעפאָרמיסטישע שטרעמונג אין דער דייטשישער און עסט־רייכישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָט אָנגענומען די גרונט־טעזע פון די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען, אַז די וועלט־מלחמה פון 1914 פירט זיך פאַר דער פאָטערלאַנד־פאַרטיידיקונג קעגן רוסישן צאַריזם. קאַוטסקי האָט נאָכן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה אויסגעדריקט די מיינונג, אַז ס׳איז דאָ אַן אונטערשייד צווישן קליינע און פיל־נאַציאָנאַלע מדינות און צווישן גרויסמאַכטן. לויט דער דאָזיקער מיינונג פירן די קליינע און אויך די פיל־נאַציאָנאַלע מדינות דעם קריג, כּדי צו פאַרטיידיקן זייער עקזיסטענץ. אויף צו פאַרענטפערן די שטיצע פאַר דייטשלאַנדס אַגרעסיע האָט קאַוטסקי געבראַכט פאַר אַן אַרגומענט די מורא פון דייטשישן פאָלק פאַר אַ רוסישער אינוואַזיע. אין אַן אַמעריקאַנער צייטונג פון יענער צייט האָט עמיל וואַנדערוועלדע אויפגעקלערט די אַרגומענטן, צוליב וועלכע די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע שטיצט דעם מיליטערישן בודזשעט. לויט זיין אויפקלערונג איז דער דאָזיקער שריט געמאַכט געוואָרן כּדי צו זיין מיטן פאָלק אין זיין צרה און נויט. ווען די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאָרשטייער אין דייטשישן רייכסטאַג וואָלטן זיך אָפּגעזאָגט צו שטימען פאַר די מיליטערישע בודזשעטן, וואָלטן זיי באַשולדיקט געוואָרן, אַז זיי העלפן דער רוסישער אינוואַזיע.

אין זיין ווערק וועגן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועגן קריג און דעם פונאַנדערפאַל פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, האָט לענין אויפגעקלערט די פאַלשקייט פון דער מיינונג, אַז די מלחמה פון דייטשלאַנד איז געווענדט כּלומרשט קעגן רוסישן צאַריזם. ער האָט דערוויזן מיט היסטאָרישע פאַקטן, אַז דווקא די דייטשישע בורזשואַזיע איז געווען אין דער פאַרגאַנגענהייט די סאַמע איבערגעגעבנסטע פאַרבינדעטע פון צאַריזם און דער גרעסטער שונא פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, פון די אַרבעטער־מאַסן און אָרעמע פּויערים אין רוסלאַנד. לענין האָט אויך דערמאָנט, אַז ווען די וועלט־מלחמה האָט זיך געענדיקט האָט די דייטשישע בור־

זשואַזיע ווייטער געוועגדט אירע מיליטערישע און פּאָליטישע כּוחות, כּדי צו שטיצן די צאַרישע מאָנאַרכיע קעגן דער רוסישער רעוואָלוציע.

די רעוואָלוציאָנערע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג אין רוסלאַנד אַנט־וויקלט זיך און פאַרשטאַרקט זיך אינעם קאַמף קעגן קריג. אויב ס׳איז פאַראַן אַ פאַקטאָר, וועלכער קאָן אויף אַ געוויסער צייט אָפּהאַלטן דאָס אַראָפּשליידערן דעם צאַריזם און אַפילו אָביעקטיוו העלפן דעם צאַר אין זיין אינעווייניקסטן קאַמף קעגן די רוסישע רעוואָלוציאָנערע כּוחות, איז עס דווקא דער קריג, וועלכן די דייטשישע רעגירונג פירט קעגן רוסלאַנד.

אין קעגנזאַץ צו דעם האָט קאַוטסקי געהאַלטן, אַז דער כאַראַקטער פון דער וועלט־מלחמה איז ניט קיין אַלגעמיין אימפּעריאַליסטישער, נאָר זי טראָגט, אין אַ געוויסער מאָס, דעם כאַראַקטער פון אַ נאַציאָנאַלער מלחמה.

לויט לענינס מיינונג, איז דער נאַציאָנאַלער עלעמענט אינעם ערשטן וועלטקריג פאַראַן נאָר אין דער מלחמה פון סערביע קעגן עסטרייך. אָבער דער דיאַלעקטישער צוגאַנג צו די געשעענישן איז מחייב צו באַהאַנדלען אַ געגעבענע דערשיינונג ניט איזאָלירט פון די אַנדערע דערשיינונגען, נאָר שטרענג פאַרבונדן מיט זיי. דער נאַציאָנאַלער עלעמענט פון דער סערביש־עסטרייכישער מלחמה איז טאַקע פאַראַן נאָר פון איין זייט, מצד סערביע, אָבער ער האָט ניט קיין איינפלוס אויפן אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון דער וועלט־מלחמה, וואָס טראָגט אַן אַלגעמיינעם, אַגרעסיוון כאַראַקטער.

לויט לענינס מיינונג, איז די טענה, אַז די וועלט־מלחמה ווערט אָנ־געפירט, כּדי צו פאַרטיידיקן דעם נאַציאָנאַלן קיום — אַ בפירושע אָפּ־נאַרעריי, וואָס באַמיט זיך צו פאַרשלייערן די רויבצילן פון די אימפּע־ריאַליסטישע רעגירונגען.

די קאַטעגאָרישע דערקלערונג פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער פּאַרטיי קעגן קריג איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דעם 1טן נאָוועמ־בער 1914 און איז געווען דער ערשטער באַגרינדעטער דאָקומענט, וואָס האָט דעפינירט די וועלט־מלחמה ניט לויט די אָפיציעלע דעקלאַראַציעס פון די רעגירונגען וועלכע פירן זי, נאָר אויפן סמך פון פאַרטיפן זיך אין אירע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע וואָרצלען. דאָס ספּעציפישע און נייע אין דער אויבן דערמאָנטער דערקלערונג איז געווען דאָס קעגנשטעלן זיך דער שאָוויניסטישער שטרעמונג און דער רוף צו די אַרבעטער פון רוס־לאַנד ווי אויך צו די אַרבעטער פון דער גאָרער וועלט צו זיין אַקטיוו ביים אָפּשטעלן דעם קריג, פאַרוואַנדלען די וועלט־מלחמה אין אַ בירגער־

קריג אין יעדן לאַנד, אָפּשאַפן דעם קאַפּיטאַליסטישן רעזשים און אויפֿ־שטעלן אַ סאָציאַליסטישע אָרדענונג.

די אויבן דערמאָנטע דערקלערונג האָט גרינטלעך דיפערענצירט צווישן די אָפיציעלע דעקלאַרירטע צילן פון די קעמפנדיקע רעגירונגען און צווישן די פאַקטישע אָביעקטיווע סיבות פון דער מלחמה. ער האָט דערוויזן, אַז ס׳איז ניטאָ קיין ערנסטער יסוד פאַר די אויפקלערונגען פון דער דייטשישער בורזשואַזיע, אַז זי פירט אַ פאָטערלאַנדס־פאַרטיידיקונג־מלחמה, פאַר פרייהייט, קולטור, באַפרייונג פון אונטערדריקטע פֿעלקער און צעשמעטערונג פונעם צאַריזם. דער ליגן פון די אַרגומענטן פון דער דייטשישער בורזשואַזיע קאָן דערוויזן ווערן דורך דעם, וואָס זי פירט אַ רויבקריג קעגן סערביע. די דייטשישע רעגירונג וויל דורך דעם דערשטיקן די נאַציאָנאַלע רעוואָלוציאָנערע אַנטוויקלונג פון די דרומדיקע סלאַוון און



פאַרברידערונג צווישן רוסישע און דייטשישע סאָלדאַטן אין די אָקאָפּעס פון דער ערשטער וועלט־מלחמה (ניי־יאָר־נאַכט 1916)

ווענדט אירע באַוואָפנטע כּוחות קעגן בעלגיע און פראַנקרייך, כּדי גובר צו זיין די רייכע קאָנקורענטן.

פון דער אַנדערער זייט, רעדן די ענגלישע און פראַנצויזישע קאַפּיטאַ־ליסטן וועגן זייער קריג קעגן דעם דייטשישן מיליטאַריזם, ווען זייער

אמתער ציל איז בכלל ניט צו צעשמעטערן דעם דייטשישן מיליטאַריזם, נאָר צו פאַרכאַפּן דייטשישע קאָלאָניעס.

די בורזשואַזיע פון יעדער איינער פון די מלחמה־פירנדיקע לענדער האָט באַגרינדעט אירע מיליטערישע קאַמפּן קעגן אירע קעגנער מיטן אויס־רייד פון פעלקער־באַפרייונג, אָבער זייערע פּאַקטישע שריט זענען געווען אַנעקסירן נייע, פרעמדע געביטן. די אַנטאַגאָניסטישע לאַגע האָט געבראַכט צום אָנווענדן פון אַ מיליטערישער האַרבער צענזור קעגן דעם אַזוי גע־רופענעם „אינעווייניקסטן שונא".

די דעקלאַראַציע פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט אַרויסגערופן אָפּקלאַנגען אין פיל לענדער מיט איר דרייסטן, ענדגילטיקן און קלאָרן רוף אָפּצושטעלן דעם וועלטקריג דורך מאַסן־אַקטיוויטעט פון סאָלדאַטן, מאַטראָסן, אַרבעטער און פּויערים פאַרן צעשמעטערן דאָס קאַפּי־טאַליסטישע סיסטעם.

## קאַוטסקי וועגן אולטראַ־אימפּעריאַליזם און די באַגרענעצטקייט פון דעם אינטערנאַציאָנאַלס ווירקונג

אין זיינע אָנשטרענגונגען צו באַזירן די שטעלונג פון דער מערהייט־אָנפירונג אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט קאַוטסקי אַנטוויקלט די קאָנצעפּציע, אַז די מלחמה שאַפט ניט אָפּ דעם אינטערנאַציאָנאַל, נאָר קלערט אויף די באַגרענעצטקייט פון זיין איינפלוס. לויט זיין מיינונג איז ניט רעאַל די האָפענונג צו פאַר־מיידן די מלחמה דורך דעם פאַראייניקטן כוח פונעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־קלאַס. די שטרעבונג צו פאָרמולירן אַן איינהייטלעכע שטעלונג פון אַלע אַרבעטער אין דער וועלט איז לויט קאַוטסקיס מיינונג ניט מעג־לעך צו פאַרווירקלעכן. ס'איז אוממעגלעך צו פאַרמיידן די צעשפּליטערט־קייט פון די סאָציאַליסטן אין פאַרשיידענע לאַגערן אין דער צייט פונעם וועלטקריג. די גרונט־אויספירונג פון קאַוטסקין איז געווען, אַז די וועלט־מלחמה איז אַן אומפאַרמיידלעכע דערשיינונג און דערפאַר איז אויך די שפּאַלטונג אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אומ־פאַרמיידלעך.

קאַוטסקי האָט אַנטוויקלט די טעאָריע וועגן דער פּערספּעקטיוו פון אַ רויִקער אַנטוויקלונג פון מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַליזם. די דאָזיקע טעאָריע נעמט אָן פאַר מעגלעך, אַז די אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק זאָל זיך אַנט־וויקלען צו אַן אולטראַ־אימפּעריאַליסטישן עטאַפּ. אַנשטאָט דער קעגנזיי־טיקער שווערער מלחמה צווישן די גרויס־קאַפּיטאַליסטן אין נאַציאָנאַלע ראַמען, קאָן זיך אַנטוויקלען אַן עטאַפּ פון געמיינזאַמער אויסנוצונג פון די וועלט־אוצרות דורך די מאָנאָפּאָלן און אַ באַדייטנדיקע באַגרענעצונג פון דער קאָנקורענץ צווישן זיי.



קאַרל קאַוטסקי

קאַוטסקי האָט געהאַלטן, אַז דער גאַנג פונעם וועלטקריג און זיינע רעזולטאַטן קאָנען זיין אַ דעצידירנדיקער פאַקטאָר אינעם ווענדפּונקט צו אַ רויִקער אַנטוויקלונג אין די ראַמען פון מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַליזם.

וועגן די אַנטוויקלונגס־פּערספּעקטיוון האָט קאַוטסקי פאָרויסגעזען צוויי מעגלעכקייטן. איינע, אַז די מלחמה וועט ברענגען צו אַן עקסטרעמער צעפּלאַקערונג פון פיינטלעכקייט ניט נאָר צווישן די פעלקער, נאָר אויך צווישן די פאַרשיידענע גרופּן פון פינאַנס־קאַפּיטאַל, צו אַ פאַרשטאַרקונג פון וואָפן־געיעג און צו אַ קעגנזייטיקער קאָנקורענץ צווישן זיי. אין פאַל

פון אַזאַ אַנטוויקלונג וועלן פאַרשאַרפט ווערן די קלאַסן־קעגנזאַצן ביז צו אַ מאַקסימאַלער מאָס און עס וועט זיך אָנהייבן אַ מאַראַלישע ליקווידאַציע פונעם קאַפּיטאַליזם.

די צווייטע מעגלעכקייט — לויט קאַוטסקיס מיינונג — איז, אַז די מלחמה, טראָץ אירע אַלע שרעקלעכקייטן, וועט ברענגען שפּראָצן פון אולטראַ־אימפּעריאַליזם. די רעזולטאַטן פון דער מלחמה קאָנען פאַרשנע־לערן די אַנטוויקלונג, צו וועלכער מ׳דאַרף אין שלום־צייטן וואַרטן אַ לענגערע צייט. קאַוטסקי גלויבט, אַז אויב די אַנטוויקלונג וועט ברענגען צו אַ פאַרבינדונג צווישן פעלקער, צו אַנטוואָפענונג, צו אַ דויערנדיקן שלום, דאַן קאָנען אָפּגעשאַפן ווערן די נעגאַטיווע סיבות, וועלכע האָבן געשטויסן פאַר דער מלחמה צו דער מאָראַלישער גסיסה פונעם קאַפּיטאַליזם.

אין זיין אַרבעט „די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק, די אימפּעריאַליסטישע מדינה און די פאַראייניקונג פון מדינות״, וועלכע איז אַרויס אין 1915 און נירענבערג, האָט קאַוטסקי געשריבן אַז דער פּרווו אַוועקצושטעלן דעם סאָציאַליזם קעגן קאַפּיטאַליזם, דאָס הייסט ניט נאָר די פּראָפּאַגאַנדע פאַרן סאָציאַליזם, נאָר זיין נאָענטע פאַרווירקלעכונג, קאָן דערוייטערן פאַר־שיידענע קרייזן, וועלכע גלויבן ניט אין באַלדיקן סאָציאַליזם, און זיי שטויסן צום אימפּעריאַליסטישן לאַגער.

לויט קאַוטסקיס מיינונג, איז דער אינטערנאַציאָנאַל ניט קיין עפעק־טיווער אינסטרומענט אין מלחמה־צייט. ער קאָן בלויז אויספילן אַ וויכטיקע ראָל אין שלום־צייט. קאַוטסקי האָט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אַ טעאָריע, אַז אָביעקטיוו האָט דער אינטערנאַציאָנאַל אַ באַגרענעצטן איינפלוס, און דערפאַר האָט ער גערופן די אַרבעטער־באַוועגונג משלים צו זיין מיט דער ווירקלעכקייט.

דער באַוווסטזיין, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל האָט אַ באַגרענעצטן כאַ־ראַקטער, פאַרקלענערט ניט זיין וויכטיקייט אין שלום־צייט, דאָס הייסט אין באַדינגונגען פון נאָרמאַלער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, — האָט קאַוטסקי געשריבן נאָכן אויסברוך פונעם וועלטקריג.

דער תוך פון קאַוטסקיס שטעלונג איז, אַז די אינטערנאַציאָנאַלע אַר־בעטער־באַוועגונג קאָן ניט דערגיין, לויט איר עצם מהות, צו אַ געמיינ־זאַמער שטעלונג וועגן כאַראַקטער פון דער וועלט־מלחמה. די פאַרשיידנ־קייט אין די שטעלונגען פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען צום קריג, דרינגט אַרויס, לויט קאַוטסקי, פון דער נאַטירלעכקייט, אַז דער אַרבעטער־קלאַס זאָל אין מלחמה־צייט זיך געפינען אין איין פראָנט מיט דער בורזשואַזיע.

די מיינונג איז אויך פאַרבונדן מיט זיין טעאָריע וועגן אַנטוויקלונג פון אימפּעריאַליזם צום עטאַפּ פון אולטראַ־אימפּעריאַליזם אָן עקאָנאָמישער קאָנקורענץ און אָן מלחמות. אַנדייטנדיק אַזאַ פּערספּעקטיוו, רופט קאַוטסקי מַשלים צו זיין מיט דעם צייטווייליקן איבעררייס פון די אינטערנאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג און זאָגט פאָר, אַז זיי וועלן זיך באַנייען נאָכן אויפשטעלן דעם שלום.

אין זיין שאַרפער פּאָלעמיק מיט קאַוטסקין האָט לענין אויסגעדריקט די מיינונג, אַז אַפילו אויב די שוואַכקייט פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט אין 1914 ניט דערמעגלעכט צו אָרגאַניזירן אַ רעוואָלו־ציאָנערע טעטיקייט, האָט זי ניט געטאָרט אָנשליסן זיך צום לאַגער פון די שאָוויניסטן, וועלכע שטיצן די אַגרעסיע. זי האָט ניט געטאָרט מאַכן אַ שריט, וועלכער איז מחלל די ווערדע פון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַל.

דער מהות פון דער רעפאָרמיסטישער שטעלונג — איז לויט לענינס מיינונג — דאָס צושטימען צו דעם, אַז דער דעצידירנדיקער פאַקטאָר אין דער פראַגע פון מלחמה און שלום איז די גרויסבורזשואַזיע. ווען די בור־זשואַזע רעגירונגען דערפירן צו אַ מלחמה־קריזיס צווישן זיך, באַמיִען זיי זיך פעסטצושטעלן, אַז ס'איז פאַראַן אַן אידענטישקייט צווישן דעם קלאַס־אינטערעס פון דער בורזשואַזיע און צווישן דעם אַלגעמיינעם נאַציאָנאַלן אינטערעס.

קאַוטסקי האָט געגלויבט, אַז די באַטייליקונג פון די אַרבעטער־מאַסן פון איין פאָלק אין דער מלחמה קעגן צווייטן פאָלק דאַרף ניט שטערן צו פאַרווירקלעכן די היסטאָרישע ראָל פונעם אינטערנאַציאָנאַל אין שלום־צייט. אין קעגנזאַץ צו דעם איז לענין געווען אין דער מיינונג, אַז דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז פולקום און ענדגילטיק זיך צוזאַמענגעפאַלן. אָבער די דאָזיקע מפּלה באַדייט ניט דאָס פאַרשווינדן פון געדאַנק וועגן פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם.

לענין האָט געגלויבט, אַז ס'איז דאָ אַן אָביעקטיווער באַזיס צו אַ געמיינזאַמער שטעלונג פון די אַרבעטער־פאַרטייען אינעם קאַמף פאַרן אָפּשטעלן די מלחמה, פאַרוואַנדלען זי אין אַ בירגערקריג, כּדי אָפּצושאַפן דאָס קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם און אויפשטעלן אַ סאָציאַליסטישע אָרדענונג. אַ טיפע פאַרשטענדעניש פון די סיבות פונעם פונאַנדערפאַל פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל קאָן, לויט לענינס מיינונג, העלפן אויפשטעלן אַ נייע סאָציאַליסטישע אייניקייט, וועלכע איז מסוגל צו זיין אַ פעסטערע ווי די פריִערדיקע. מיטן פונאַנדערפאַל פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, האָט

לענין געדופן אויפצושטעלן אַ נייע אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־אָרגאַ־ניזאַציע, וועלכע זאָל זיך באַזירן אויף קעגנערשאַפט צו אַגרעסיווע מלחמות, ווי אויך אויפן קאַמף פאַרן אָפּשאַפן דעם קאַפּיטאַליזם און אויפשטעלן אַ סאָציאַליסטיש געזעלשאַפטלעך סיסטעם.

## די פאָרמירונג פון לינקן פליגל אינעם קאַמף אָפּצושטעלן די מלחמה

די מלחמה, וואָס איז אויסגעבראָכן אָנהייב אויגוסט 1914, האָט זיך צעפלאַקערט מיט אַ גרויסער שנעלקייט און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וועלטקריג. מיט דער אַנטוויקלונג פון די קאַמפן, מיט דער פאַרלעצונג פון דער סוווערעניטעט פון פאַרשיידענע לענדער אין אייראָפּע, מיט דער פאַרמערונג פון דער צאָל געפאַלענע, פאַרוווּנדעטע, אינוואַלידן, מיטן הונגער און חורבן, האָט זיך אַלץ מער און מער אַוועקגעשטעלט אויפן טאָג־אָרדענונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג די פראַגע: צו וואָס פאַראַ ציל מאָרדן די מענטשן פון איין פאָלק די מענטשן פון צווייטן פאָלק? ווער איז פאַראינטערעסירט אינעם המשך פון דער קעגנזייטיקער שחיטה?

צווישן די מיטגלידער פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען האָבן זיך געמערט ספקות אין דער שטעלונג פון דער מערהייט אין זייער פירער־שאַפט, וועלכע האָט געשטיצט די דאָזיקע שרעקלעכע מלחמה. עס האָט זיך אָנגעהויבן צו קאָנסאָלידירן אַן אָפּאָזיציאָנעלע באַוועגונג קעגן דער מלחמה.

דער לינקער פליגל פון דער אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך אָרגאַניזירט אינעם פּראָצעס פונעם קאַמף אָפּצושטעלן די וועלט־מלחמה און איינפירן שלום.

דער צימערוואַלד־צוזאַמענפאָר אין סעפּטעמבער 1915 איז אַרויסגע־גאַנגען פון שטאַנדפּונקט, אַז דעם נאַציאָנאַלן אינטערעס פון די פעלקער קאָן מען פאַרטיידיקן ניט דורך פאַרזעצן די מלחמה, נאָר דווקא דורך איר איבעררייס. אָבער דער רעפאָרמיסטישער פליגל האָט דעפינירט די מלחמה ווי אַ פאַרטיידיקונג־קריג און באַרעכטיקט דעם מיליטערישן אַריינטריט אין פרעמדע לענדער. ער האָט עס באַגרינדעט מיט דער שטרעבונג צו פאַרווירקלעכן די פעלקער־באַפרייונג. דער צימערוואַלד־צוזאַמענפאָר האָט אין דער זעלבער צייט פאַרעפנטלעכט אַ דערקלערונג, אַז דורך מיליטע־רישער גוואַלט פּרובירן די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען שאַפן אַ נייע

וועלט־מאַפּע, פֿאַרלעצן די אומאָפּהענגיקייט פֿון אַנדערע פֿעלקער און אויך די פֿרייהייט פֿון זייער אייגענעם פֿאָלק. די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען און די פֿירער פֿון רעפֿאָרמיסטישן פֿליגל אין די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן אַרויפֿגעלייגט די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר דער מלחמה בלויז אויף די נאַציאָנאַליסטישע כּוחות פֿונעם קעגנערישן מלחמה־פֿירנדיקן צד. אין קעגנזאַץ צו דעם האָט דער צימערוואַלד־צוזאַמענפֿאָר אַרויפֿגעלייגט די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַרן קריג אויף די קאַפּיטאַליסטישע הערשער פֿון ביידע צדדים, אויף מאָנאַרכיסטישע און רעפּובליקאַנישע רעגירונגען, אויף דער געהיימער דיפּלאָמאַטיע, אויף די בורזשואַזע פּאַרטייען, אויף דער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע און אויף דער קירכע.

די געמיינזאַמע דעקלאַראַציע פֿון די פֿראַנצויזישע און דייטשישע דע־לעגאַציעס, וועלכע איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין סעפּטעמבער 1915 אויפֿן צימערוואַלד־צוזאַמענפֿאָר האָט אויסגעדריקט דעם געמיינזאַמען באַזיס, וואָס האָט פֿאַראייניקט די פֿאָרשטייער פֿון דעם רעוואָלוציאָנערן פֿליגל אין דער אַרבעטער־באַוועגונג פֿון אַנגעגריפֿענעם צד. דער געמיינזאַמער באַזיס איז געווען אין דער דעפֿיניציע פֿון דער וועלט־מלחמה ווי אַ „מלחמה וואָס איז ניט אונדזערע", אין דער קאַטעגאָרישער נעגירונג פֿון אָקופּאַציע און אַנעקסיע פֿון פֿרעמדער ערד און אין דער פֿאָדערונג צו רעספּעקטירן די זעלבסטבאַשטימונג־רעכט פֿון די פֿעלקער.

די געמיינזאַמע דעקלאַראַציע פֿון די דייטשישע און פֿראַנצויזישע סאָציאַליסטן האָט אונטערשיידט צווישן די פֿעלקער און צווישן די נאַציאָ־נאַליסטישע עלעמענטן און אונטערשטראָכן, אַז די נאַציאָנאַליסטישע כּוחות אין יעדן פֿאָלק שטעלן אַוועק פֿאַר אַ ציל פֿון דער מלחמה ניט די פֿעלקער־באַפֿרייונג, נאָר די אָקופּאַציע פֿון גאַנצע לענדער און פֿרעמדע טעריטאָ־ריעס. די פֿאַרווירקלעכונג פֿון די אָקופּאַציע־צילן איז באַצייכנט געוואָרן אין דער געמיינזאַמער דערקלערונג ווי אומגערעכט, ווי קעגנזעצלעך צו די פֿעלקער־רעכט און ווי אַ פֿאַקטאָר, וואָס אַנטהאַלט אין זיך דעם קערן פֿון צוקונפֿטיקע מלחמות.

דער רעפֿאָרמיסטישער פֿליגל פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך איינגעגלידערט אינעם מלחמה־אָנשטרענג און אין דער רעגירונג־פּראָפּאַ־גאַנדע פֿון די מלחמה־פֿירנדיקע צדדים. יעדער אין זיין לאַנד האָט גערופֿן צום זיג פֿון זיין רעגירונג און צום דורכפֿאַל פֿון דעם צד שכנגד. אין דער זעלבער צייט האָט די געמיינזאַמע פֿראַנצויזיש־דייטשישע דערקלערונג אויסגעדריקט איר קעגנערשאַפֿט צו די אָקופּאַציע־פּלענער פֿון די קעמפֿנ־

דיקע רעגירונגען, צו יעדער אַנעקסיע, אָפּענער אָדער פאַרמאַסקירטער, צו יעדן אַרויפגעצוווּנגענעם עקאָנאָמישן אָנשלוס און גערופן צו רעספּעקטירן די נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט פון די פעלקער.

אויפן פּאָן פונעם קעגנזייטיקן מאָרד צווישן די דייטשישע און פראַנצויזישע אַרמייען און דער פּיינטלעכער פּראָפּאַגאַנדע פון די שאָוויניסטישע כּוחות פון ביידע צדדים, קען מען זען אין דער געמיינזאַמער דייטשיש־פראַנצויזישער דעקלאַראַציע אַ דאָקומענט פון אַ נייעם כאַראַקטער. ער איז באַזירט אויף פּרינציפּן פון הומאַניזם און פון רעספּעקט פאַר די אומאָפּהענגיקייט־רעכט פון די פעלקער. די געמיינזאַמע דעקלאַראַציע איז אַרויסגעגאַנגען פון אַ שטאַנדפּונקט, וואָס אידענטיפיצירט דעם נאַציאָנאַלן אינטערעס פון פראַנצויזישן און פון דייטשישן פאָלק מיטן אָפּשטעלן דעם אימפּעריאַליסטישן קריג און מיט שליסן אַ שלום, וואָס זאָל רעספּעקטירן די זעלבסטבאַשטימונג־רעכט פון אַלע פעלקער.

## דער כאַראַקטער פון דער מלחמה נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד

די צוויי גרויסע סאָציאַלע רעוואָלוציעס, פון פעברואַר און אָקטאָבער 1917, אין רוסלאַנד, האָבן זיך אַנטוויקלט אויפן פּאָן פונעם מעכטיקן פּראָטעסט פון די פאָלקסמאַסן קעגן דער גרויזאַמער וועלט־מלחמה. די דאָזיקע רעוואָלוציעס האָבן אויפגעטרייסלט, אין צוויי עטאַפּן, די יסודות פונעם אַלטן פּאָליטישן און עקאָנאָמישן רעזשים. זיי האָבן געגעבן אַ גרויסן שטויס פאָרויס דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד און אַרויסגערופן מעכטיקע אָפּקלאַנגען אין דער גאָרער וועלט.

די פעברואַר־רעוואָלוציע 1917 האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ פּאָליטישן שטרייק אין פּעטראָגראַד און שנעל זיך אַנטוויקלט אין מאַסן־דעמאָנסטראַציעס און אין אַ מיליטערישן אויפשטאַנד קעגן דעם צאַרישן רעזשים. דער פּרוּוו פון דער רוסישער בורזשואַזיע צו ראַטעווען, אויף וויפל ס'וועט זיין מעגלעך די מאָנאַרכיע, דורך איבערבייטן דעם צאַר, האָט זיך ניט איינגעגעבן.

די פעברואַר־רעוואָלוציע האָט אַראָפּגעוואָרפן ניט נאָר דעם צאַר ניקאָלאַי, נאָר די גאַנצע ראָמאַנאָוו־מאָנאַרכיע און לחלוטין אָפּגעשאַפן דעם צאַריזם.

די צעשמעטערונג פון דורות-לאַנגן צאַרישן רעזשים איז געווען דער ציל פון געמיינזאַמען קאַמף פון דער גאַנצער אַרבעטער-באַוועגונג און פון אַלע דעמאָקראַטישע כּוחות אין רוסלאַנד. אָבער היות ווי די בורזשואַזע רעגירונג האָט ממשיך געווען מיט דער באַטייליקונג פון רוסלאַנד אינעם וועלטקריג, האָט פאַר דער אַרבעטער-באַוועגונג זיך אַוועקגעשטעלט זייער שאַרף די פראַגע: צי האָט זיך געביטן דער כאַראַקטער פון דער מלחמה מצד רוסלאַנד נאָכן אַראָפּוואַרפן דעם צאַריזם? צי איז באַרעכטיקט דאָס פאַרזעצן די מלחמה? אָדער אפשר איז לעבנסוויכטיק צו אַנטוויקלען אַ געזעלשאַפטלעכע קאַמפּאַניע כּדי אָפּצושטעלן דעם קריג? דאָס איז געווען ניט קיין זייטיקער ענין, נאָר אַ שליסל-פּראָבלעם פאַר רוסלאַנד אין יענער צייט. אין דער דאָזיקער פראַגע זענען זיך צעגאַנגען די מיינונגען אין דער רוסישער אַרבעטער-באַוועגונג. לויט דער מיינונג פון די מענשעוויקעס האָט זיך דער כאַראַקטער פון דער מלחמה מצד רוסלאַנד געענדערט מיט אָפּשאַפן די מאָנאַרכיע און מיטן אויפשטעלן פון דער רעפּובליק. דערפאַר האָבן זיי גערופן ממשיך צו זיין די באַטייליקונג פון רוסלאַנד אין דער מלחמה. זיי האָבן זי באַצייכנט נאָכן אַנטשטיין פון דער רעפּובליק מיטן נאָמען „רעוואָלוציאָנערע פאַרטיידיקונג".

לויט דער מיינונג פון די באָלשעוויקעס, וועלכע איז געקומען צום אויסדרוק אין די טעזן פון לענין (אַפּריל 1917) האָט זיך דער כאַראַקטער פון דער מלחמה מצד רוסלאַנד ניט געענדערט אויך נאָך דער ליקווידאַציע פון דער מאָנאַרכיע און ער איז געבליבן אַן אימפּעריאַליסטישער צוליב די אָקופּאַציע-צילן פון דער רעגירונג. די באָלשעוויקעס האָבן דערוויזן די שייכות צווישן די עגאָיִסטישע קלאַסן-אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע און דעם המשך פון דער מלחמה. זיי האָבן אויפגעוויזן דעם אַלגעמיינעם אינטערעס פון די פעלקער פון רוסלאַנד און פון דער גאָרער וועלט אָפּצושטעלן דעם קעגנזייטיקן מאָרד און אָנגעצייכנט אַ פּלאַן צו אַנטוויקלען די בורזשואַז-דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע אין אַ סאָציאַליסטישער.

דער פאַקט, וואָס אויך די רעפּובליקאַנישע בורזשואַז-דעמאָקראַטישע רעגירונג אין רוסלאַנד האָט פאַרגעזעצט צו באַטייליקן זיך אין דער מלחמה, האָט אויספאַרמירט ביי די באָלשעוויקעס די קאָנצעפּציע, אַז אָפּשטעלן דעם קריג, שליסן אַ גערעכטן שלום און פאַרווירקלעכן די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע זענען טיילן פון איין אומצעררייסלעכן פּראָצעס.

אין דער תקופה איז דער אויסגאַנג־פּונקט פון די באָלשעוויקעס גע־ווען, אַז ס׳האָט זיך געשאַפן אַ לאַגע, ווען עס איז אוממעגלעך צו ענדיקן די מלחמה און שליסן אַ דעמאָקראַטישן שלום אָן דער צעשמעטערונג פון דער בורזשואַזער מאַכט. דערפאַר האָבן זיי באַטראַכט די פּלאַנירונג פון איבערגאַנג פון בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע צו דער סאָציאַליס־טישער אי ווי אַ שריט פון סאָציאַלער גערעכטיקייט פאַר די אויסגענוצטע אַרבעטער־מאַסן און ערדלאָזע פּויערים, אי ווי אַ שלום־בשורה פאַר אַלע פעלקער פון רוסלאַנד.

אויפן יסוד פון דער דערפאַרונג פון די רעוואָלוציעס אין יאַנואַר 1905 און אין פעברואַר 1917 האָט לענין פאָרגעשלאָגן אַ ראַטן־רעפּובליק אַלס בעסטע פּאָליטישע הערשאַפט־פאָרעם פונעם אַרבעטער־קלאַס. די דאָזיקע מאַכט האָט ער באַצייכנט אַלס דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

פּלעכאַנאָוו און קאַוטסקי זענען געווען אין דער מיינונג, אַז די פּאַ־סיקסטע מאַכט־פאָרעם פאַרן איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צו סאָציאַליזם איז ניט ראַטן־מאַכט נאָר אַ פּאַרלאַמענטאַרישע רעפּובליק.

דער פּלאַן אויפצושטעלן אַ ראַטן־מאַכט איז שוין אין דער צייט פון דער פעברואַר־רעוואָלוציע 1917 ניט געווען בלויז אַן אַבסטראַקטער גע־דאַנק. שוין דאַן און בעיקר שפּעטער האָבן אָנגעהויבן זיך צו פאָרמירן אין פאַרשיידענע טיילן פון רוסלאַנד אַרבעטער־ראַטן, וועלכן האָבן פּאַקטיש אָנגעפירט דעם קאַמף פאַר דעמאָקראַטישע אויסבעסערונגען אויפן דאָרף און אין די פאַבריקן. אין פאַרשיידענע פאַבריקן האָבן זיי פּאַקטיש איינגע־פירט אַן 8־שעהעדיקן אַרבעטס־טאָג. זיי האָבן דערוויַיטערט פון די פּאָסטנס צאַרישע ריכטער און פּאָליציי־באַאַמטע, וועלכע זענען געווען געטריי דעם צאַרישן רעזשים. דער פּלאַן פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי אויפצו־שטעלן אַ ראַטן־מאַכט האָט זיך באַזירט אויף דער ווירקלעכקייט פונעם אָנהייב פון רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען אין אַ סך דערפער און שטעט מיט דער אַקטיווער איניציאַטיוו פון די פאָלקסמאַסן.

די פּרינציפּן, וואָס לענין האָט אָנגעצייכנט פאַר דער צוקונפט פון רוסלאַנד, זענען באַגרינדעט געוואָרן אין די אַפּריל־טעזן פון 1917. זיי זענען באַהאַנדלט און באַשטעטיקט געוואָרן אויפן אַפּריל־צוזאַמענטרעף פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. די דאָזיקע פּרינציפּן האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם ענטפער, וועלכן ס׳האָט געגעבן דער רעוואָ־לוציאָנערער פליגל אין דער אַרבעטער־באַוועגונג וועגן איבערגאַנג פון

דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג צו דער סאָציאַליסטישער. דער אַפּריל־צוזאַמענטרעף האָט רעזומירט נייע און באַדייטנדיקע אויספירן וועגן דער נאָענטער אַנטוויקלונג פון דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג.

אויף דעם דאָזיקן צוזאַמענטרעף האָבן די באָלשעוויקעס גערופן אָפּ־צושטעלן די אימפּעריאַליסטישע מלחמה דורך איבערפירן די גאַנצע פּאָ־ליטישע מאַכט צו די אַרבעטער און פּויערים־ראַטן, אַנולירן דעם אַלטן מלוכהשן אַפּאַראַט און אויפשטעלן אַ נייעם. די פּאָליטישע קאַמפּאַניע צו קאָנפיסקירן די ערד פון די באַדן־באַזיצער האָט אויסגעדריקט דעם רע־וואָלוציאָנערן פּלאַן אויפן אַגראַר־געביט און געשאַפן די באַזע פון צו־זאַמענאַרבעט צווישן די אַרבעטער און אָרעמע פּויערים.

דער באַשלוס אַנצורופן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון רוס־לאַנד מיטן נאָמען „די קאָמוניסטישע פּאַרטיי", אויפצושטעלן דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל און אָרגאַניזירן אַלע עקספּלואַטירטע שיכטן פון רוסלאַנד פאַרן איבערגאַנג צו דער ראַטנמאַכט, זענען געווען פאַרשיידענע רינגען אין איין קייט. די קייט איז געווען דער רוף צום אַרבעטער־קלאַס אין רוס־לאַנד צו שאַפן דעם אַוואַנגאַרד אין גרויסן געראַנגל, וועלכער אַנטוויקלט זיך פאַר דער געהויבענער מענטשלעכער אויפגאַבע צו פאַרוואַנדלען די אימפּעריאַליסטישע מלחמה אין אַ בירגערקריג, נעמען די מאַכט און אויפשטעלן אַ גערעכטן שלום.

## דער געזעלשאַפטלעכער טרעגער פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע

ווער האָט פאַרווירקלעכט די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע? וואָסערע איז געווען איר שטויסקראַפט? צי איז זי אַרויפגעצוווּנגען געוואָרן דורך אַ גרופּע באָלשעוויסטישע פירער, אָדער זי האָט זיך אַנטוויקלט דורך אַק־טיווע קאַמפן פון מאַסן אַרבעטער, פּויערים און סאָלדאַטן?

לויט דער טעאָריע פונעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם איז די רעוואָ־לוציע ניט קיין פּוטש, נאָר אַן אויסדרוק פון אַן אַקטיוון און באַוווּסט־זיניקן קאַמף פון ברייטע פאָלקסמאַסן פאַר אַ גרינטלעכער ענדערונג אינעם אייגנטום פון די הויפּט־פּראָדוקציע־קרעפטן און אין דער פּאָליטישער מאַכט. זי ווערט פאַרווירקלעכט אַלס רעזולטאַט פון אַ לאַנגן פּראָצעס פון

קלאַסן־קאַמפן, וועלכע אַנטוויקלען זיך און דערהויבן זיך צום ניוואָ פון אַ פּאָליטישן רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַרן איבערנעמען די מאַכט.

דער געזעלשאַפטלעכער פאַקטאָר, וועלכער האָט פאַרווירקלעכט די סאָציאַליסטישע ענדערונג, קען בשום אופן ניט זיין קיין איינצלנער מענטש אַפילו אויב ער איז אַ גאון. די רעוואָלוציאָנערע ענדערונג אין געזעלשאַפטלעכן סיסטעם האָבן געבראַכט די פּאָלקסמאַסן, אָנגעפירט דורך אַ רעוואָלוציאָנערער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע.

דער אַרבעטער־קלאַס איז דער סאַמע פּראָגרעסיוועסטער קלאַס. ער איז פאַרבונדן מיט די סאַמע פּראָגרעסיוועסטע פּראָדוקציר־קרעפטן אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט און געפינט זיך אין אַן אָביעקטיווער לאַגע, וואָס דערמעגלעכט אים צו באַקומען אַ סך פּאָליטישע און אָרגאַניזאַטאָרישע דערפאַרונג. ער האָט אַ מעגלעכקייט אָנצופירן אַנדערע געזעלשאַפטלעכע עקספּלואַטירטע שיכטן (פּויערים, בעל־מלאכות, אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ א״אַ) דורך אַ סיסטעמאַטישער צוזאַמענפלעכטונג פון זיינע קלאַסן־אינטערעסן מיט די פון אַלע אַנדערע עקספּלואַטירטע געזעלשאַפטלעכע שיכטן.

די קאָנצעפּציע פון עדואַרד בערנשטיין און פונעם גאַנצן רעפאָרמיסטישן פליגל איז געווען, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען דאַרפן זיך באַטראַכטן ווי דער לינקער אָפּשניט פונעם אַלגעמיינעם נאַציאָנאַלן פראָנט אין דער בורזשואַזער פּאַרלאַמענטאַרישער דעמאָקראַטיע, אַלס אינטעגראַלער טייל פון פּאָליטישן קאַפּיטאַליסטישן אָרגאַניזם.

די אָנהענגער פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם האָבן געגלויבט, אַז דער אַרבעטער־קלאַס דאַרף זיך ניט באַנוגענען מיט דער אַלגעמיינער גערעכטער פאָדערונג פאַר אַ גרעסערן אָנטייל אין דער נאַציאָנאַלער הכנסה, נאָר ער דאַרף קעמפן פאַר דעם פּאָליטישן ציל אָפּצושאַפן די קאַפּיטאַליסטישע מאַכט. דער דאָזיקער קאַמף איז נויטווענדיק, כּדי אָפּצושטעלן די וועלט־מלחמה, וואָס האָט געבראַכט מיליאָנען קרבנות און איז געווען צוועקלאָז פון שטאַנדפּונקט פון די פּאָלקסמאַסן.

די רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכן ניט סטיכיש, נאָר דורך אַ באַוווסטזיניקער אָנפירונג פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. זי האָט אָנגעפירט די רעוואָלוציאָנערע אַנטוויקלונג אויפן יסוד פון אַ וויסנשאַפטלעכן אַנאַליז, וואָס האָט דערוויזן, אַז די אינעווייניקסטע אַנטאַגאָניזמען אין דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם האָבן זייער עקסטרעם זיך פאַרשאַרפט אין פערטן יאָר פונעם קריג. די דאָזיקע אַנטאַגאָניזמען און קריזיסן קאָנען ווערן געלייזט אויף אַ פּאָזיטיוון אופן דורך אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, וועלכע וועט

געבן אַן ענטפער אויף די פאָדערונגען פון די פאָלקסמאַסן פאַר שלום, ערד, אַרבעטער־קאָנטראָל אויף דער פּראָדוקציע און באַפרייונג פון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג.



לענין צווישן אַרבעטער און סאָלדאַטן

אין די חדשים יוני—יולי 1917 זענען פאָרגעקומען מאַסן־דעמאָנסטראַציעס אין פּעטראָגראַד, אין וועלכע ס'האָבן זיך באַטייליקט הונדערטער טויזנטער מענטשן, מיט דער פאָדערונג אָפּצושטעלן די לאַנג־דויערנדיקע מלחמה, שליסן שלום און אַריבערפירן די גאַנצע מאַכט צו די געוויילטע

אַרבעטער־ און פּויערים־ראַטן. זיי האָבן אויסגעדריקט די אָביעקטיווע געזעלשאַפטלעכע רעוואָלוציאָנערע אַנטוויקלונג, וועלכע די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי האָט אַקטיוו דערמוטיקט און אָנגעפירט.

די רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע האָט זיך אויסגעדריקט אין דער פאַרשאַרפונג פון אַלע קאַמפּס־פאָרמען פון די פּאָלקסמאַסן. די לוין־אַרבעטער האָבן פאַרשאַרפט זייער קאַמף קעגן די אונטערנעמער, די אָרעמע פּויערים קעגן די באַדן־באַזיצער און די סאָלדאַטן קעגן דער אַלטער מיליטערישער אָנפירונג. אין די פאַבריקן האָבן די אַרבעטער אָנגעהויבן אַרויסווייזן איניציאַטיוו, איבערנעמען אין זייערע הענט די פּראָדוקציע־אָנפירונג און דערווייטערן די פאַרוואַלטער, וועלכע האָבן געדינט די קלאַסן־אינטערעסן פון די פּריוואַטע אונטערנעמער. אין פיל דערפער האָבן זיך אַנטוויקלט ספּאָנטאַנע פּויערים־אויפשטאַנדן. די ערדלאָזע פּויערים, וועלכע זענען שווער אויסגענוצט געוואָרן דורות־לאַנג, האָבן פאַרכאַפּט ערד, אינווענטאַר און צעטיילט צווישן די אָרעמע פּויערים אַרויסטרייבנדיק די רייכע גרונט־באַזיצער.

נאָכן קאָרנילאָוו־פּוטש האָבן אין דער רוסישער אַרמיי זיך אַנטוויקלט ברייטע קאַמפּס־פאָרמען. די סאָלדאַטן און מאַטראָסן האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו קעמפן, אָנגעהויבן צו דערווייטערן די צאַרישע קאָמאַנדירן און אויסצוויילן נייע קאָמאַנדירן, וועלכע האָבן באַקומען זייער צוטרוי.

אין קעגנזאַץ צו דער שטעלונג פון די באָלשעוויקעס, האָבן די מענשעוויקעס געשטיצט די פּאָליטיק פון דער רעפּובליקאַנער פּאַרלאַמענטאַרישער רעגירונג. זיי האָבן זיך קעגנגעשטעלט אַריבערצופירן די מאַכט צו די אויסגעוויילטע אַרבעטער־ און פּויערים־ראַטן און געשטיצט די רעגירונג אין איר ווייטערדיקער באַטייליקונג אין וועלטקריג. דער פאַקט, וואָס די רעפּובליקאַנישע רעגירונג האָט אַראָפּגעבראַכט מיליטערישע כּוחות פון פראָנט, כּדי צו צעטרייבן די אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס, וועלכע האָבן געפאָדערט אָפּצושטעלן די מלחמה, האָט אַרויפגעלייגט אויף דער רעגירונג די היסטאָרישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן אָנהייב פונעם בירגערקריג און פון דער אַנטוויקלונג פון די רעוואָלוציאָנערע קאַמפן ביז צו אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד.

די שטרייקן און די דעמאָנסטראַציעס זענען ניט געווען קיין ווילקירלעכע אויסטראַכטעניש פון יחידים און ניט קיין מיטאָס, נאָר אַ מעכטיקער אויסדרוק פון לעגיטימע פאָדערונגען פון ברייטע פּאָלקסמאַסן צו ענדערן גרינטלעך די רעגירונגס־פּאָליטיק. די שטרייקן זענען ניט געווען קיין גוואַלד־

טאָטן, ווי געוויסע בורזשואַזע היסטאָריקער פּרובירן עס פאָרצושטעלן, נאָר אַן אומבאַוואָפנטער מאַסנקאַמף קעגן דעם אמתן שרעקלעכן גוואַלד־טאָט פון דער וועלט־מלחמה, וועלכע ס'האָבן פּלאַנירט און אָנגעפירט די אימפּעריאַליסטישע מלוכות. די מאַסנשטרייקן און די ברויזנדיקע מאַסן־דעמאָנסטראַציעס, בעיקר אין פּעטראָגראַד און מאָסקווע, זענען געווען אַן אויסדרוק פון אַ מענטשיקן מאַסן־פּראָטעסט קעגן דער שרעקלעכער בלוט־באָד אויף די פראָנטן פונעם וועלטקריג. די דאָזיקע מאַסן־דעמאָנסטראַציעס פון סאָלדאַטן, מאַטראָסן און אַרבעטער, וועלכע האָבן מאַרשירט דרייסט אין געשלאָסענע רייען, האָבן אויסגעדריקט אַנטשלאָסנקייט פון באַדייטנ־דיקע טיילן פון די פאָלקסמאַסן צו נעמען דעם גורל אין די אייגענע הענט און צווינגען די מלחמה־רעגירונג אָפּצושטעלן דעם קריג.

די אָנשווינג פון די אָנהענגער פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם איז געווען, אַז דער אַרבעטער־קלאַס שטעלט פאַר מיט זיך אָביעקטיוו דעם לאָקאָמאָטיוו פון דער מענטשלעכער געשיכטע און איז דער גרעסטער שאַפֿעל־כער פאַקטאָר, וועלכער איז פּעיִק צו פאַרווירקלעכן די יסודותדיקע ווענ־דונג פון מלחמה צו שלום.

דער רעוואָלוציאָנערער שוווּנג האָט געשעפּט זיינע גרויסע מאָראַלישע קרעפטן פון דער אַלגעמיינער שטרעבונג און פאָדערונג אָפּצושטעלן דעם מאָרד אויף די שלאַכטפעלדער. צוזאַמען מיט דעם האָט די אַלגעמיינ־מענטשלעכע שטרעבונג צו מאַכן אַ סוף צום קריג זיך צונויפגעפלאָכטן מיט די סאָציאַלע פאָדערונגען פון דער אָרעמער דאָרפישער באַפעלקערונג צו באַקומען ערד און פון די עקספּלואַטירטע לוין־אַרבעטער אויפצושטעלן אַן אַרבעטער־קאָנטראָל אויפן פּראָדוקציע־פּראָצעס אין די פאַבריקן און אָרגאַניזירן די פּאָליטישע מאַכט פון אַרבעטנדיקן פאָלק.

## צי איז די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע אידענטיש מיט בירגערקריג?

צי איז נויטווענדיק, אַז אַ סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע זאָל פאַר־ווירקלעכט ווערן נאָר אויפן וועג פון אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד, אָדער צי איז זי מעגלעך אויך אָן גוואַלט־באַנוצונג ? צי איז דער באַוואָפנטער אויפשטאַנד אין אָקטאָבער 1917 אָרגאַניזירט געוואָרן אויף דער איניציאַ־טיוו פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, אָדער צי איז ער געווען אַן ענט־

פער אויף אַ מיליטערישן אָנגריף פון דער צייטווייליקער רעגירונג קעגן די אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס אין יולי 1917 ? צי אידענטיפיצירט די סאָציאַליסטישע טעאָריע אויטאָמאַטיש די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפטלעכע רעוואָלוציע מיט בירגער־קריג, אָדער אפשר זעט זי פאַר אַ טעאָרעטישע און פּראַקטישע מעגלעכקייט פון זיג פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע אויף אַ פרידלעכן וועג ?

וועגן אַ טעאָרעטישער און פּראַקטישער מעגלעכקייט פון אַ סאָציאַ־ליסטישער פרידלעכער רעוואָלוציע, ספּעציעל אין די אַנטוויקלטע לענדער, האָבן אויסגעדריקט אַ פּאָזיטיווע מיינונג קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס אין מיטן פון 19טן יאָרהונדערט און וולאַדימיר לענין אין דער צייט פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

קאַרל מאַרקס האָט געגלויבט, אַז דער וועג צו אַ גרינטלעכער ענדע־רונג אין דער מאַכט, צו אַ סאָציאַליסטישע ענדערונג אין די אייגנטום־פאַרהעלטענישן און אין דער פּאָליטישער מאַכט, קאָן ניט זיין אידענטיש אין אַלע לענדער. לויט זיין מיינונג איז ניט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט צו דערגיין צום סאָציאַליזם אויף אַ פרידלעכן וועג. אַזאַ מעגלעכקייט, האָט ער געגלויבט, וועט געשאַפן ווערן אין אַמעריקע, ענגלאַנד און אפשר אין האָלאַנד. צוזאַמען מיט דעם האָט ער אויפגעקלערט, אַז אין דער מערהייט פון די קאָנטינענט־לענדער, וועט די רעוואָלוציע זיין פאַרבונדן מיט אַ בירגערקריג, ווייל די הערשנדיקע קאַפּיטאַליסטישע קלאַסן וועלן ניט מסכּים זיין אַראָפּצוגיין פריוויליק פון דער היסטאָרישער אַרענע. לויט ענגעלסן איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט פון אַ פרידלעכן איבערגאַנג צום סאָ־ציאַליזם אין ענגלאַנד, אַמעריקע און פראַנקרייך. דער אַרבעטער־קלאַס וועט קענען דערגיין צו דער מאַכט נאָר אין דער פאָרעם פון אַ דעמאָקראַ־טישער רעפּובליק. דאָס וועט זיין, אַפילו לויט זיין מיינונג, די ספּעציעלע פאָרעם פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור.

באַרירנדיק די מעגלעכקייט פון אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע אָן אַ בירגערקריג, האָט לענין געשריבן, אַז אַזאַ וועג איז אַבסאָלוט מעגלעך, זייער זעלטן, אָבער אויך אומגעהויער שאַצבאַר און ווערטפול. אין פעריאָד פאַר דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט לענין פאָרגעשלאָגן די מענשעוויקעס און די עסערן (סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן), וועלכע האָבן דאַן פאַרגעשטעלט די מערהייט אין די ראַטן, צוזאַמען איבערצונעמען די מאַכט אויף אַ פריד־לעכן וועג. אָבער די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן האָבן אָפּגעוואָרפן דעם

פאָרשלאָג. צוליב דעם איז פאַרלאָרן געגאַנגען אַ רעאַלע מעגלעכקייט צו דעראָבערן די מאַכט אין רוסלאַנד אין יאָר 1917 אויף אַ פרידלעכן וועג.

צי זענען די אינעווייניקסטע, געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע באַדינגונגען אין רוסלאַנד רייף געוואָרן פאַר אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע?

דער רעפאָרמיסטישער פליגל ענטפערט אויף דעם נעגאַטיוו. ער אַרגומענטירט די דאָזיקע מיינונג מיט דער הינטערשטעליקייט פון רוסלאַנד צוליב דער איבערוויגנדיקער צאָל פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג.

די מענשעוויקעס האָבן זיך קעגנגעשטעלט דעם פּלאַן ווייטער צו אַנטוויקלען די בורזשואַז־דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע אין אַ סאָציאַליסטישער ווי אויך דער פּערספּעקטיוו צו פאַרוואַנדלען די ראַטן פון אַ קלאַסן־אָרגאַניזאַציע אין אַן אַלגעמיינער מלוכהשער אָרגאַניזאַציע. זייער שטעלונג אויף דעם געביט האָט זיך אַנטוויקלט פון אַ טעאָרעטישער קעגנערשאַפט צו די באָלשעוויקעס — ביז שטיצן די אָפענסיווע פון דער צייטווייליקער רעגירונג קעגן די מאַסן־דעמאָנסטראַציעס פון די סאָלדאַטן און אַרבעטער אין יולי 1917.

די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז פאָרגעקומען אין פערטן יאָר פון דעם וועלטקריג. זי האָט זיך אַנטוויקלט ווי אַ מאַסנקאַמף און אַ מעכטיקער פּראָטעסט קעגן דער בלוטיקער מלחמה, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען פון ביידע קעמפנדיקע צדדים האָבן פאַרגעזעצט אָן יעדן אויסוועג. ס׳איז נייטיק צו באַטאָנען, אַז די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכן מיט דער לאָזונג פון גערעכטיקייט אויף אַלע געזעלשאַפטלעכע געביטן: ערד פאַר די אָרעמע פּויערים, אַרבעטער־קאָנטראָל אויף דער פּראָדוקציע, איבערפירן דאָס ערד־אייגנטום פון פּריוואַטע קאָנצעסיאָנערן צום פאָלק. אָבער דער סאַמע טיפסטער מאָראַלישער דראַנג פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע איז געווען דער קאַמף אָפּצושטעלן די וועלט־מלחמה. די צענטראַלע בשורה פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע פאַר דער מענטשהייט איז געווען: גערעכטער שלום פאַר אַלע פעלקער.

שוין דער באַזעלער מאַניפעסט פון יאָר 1912 האָט אַנטהאַלטן אַ וואָרענונג צו די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען אין דער גאָרער וועלט, אַז אויב זיי וועלן אַריינוואַרפן זייערע פעלקער אין אַן אימפּעריאַליסטישער מלחמה, וועט דער אַרבעטער־קלאַס ענטפערן אויף דעם מיט אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. די וואָרענונג האָט זיך באַזירט אויף דער געשיכטלעכער דערפאַרונג, אַז דער מאַסן־פּראָטעסט קעגן דעם אומגערעכטן קריג (וועלכער

האָט זיך געענדיקט מיט אַ גרויסן מיליטערישן, פּאָליטישן און מאָראַלישן דורכפאַל) איז געווען אויך אין די פריערדיקע דורות אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע. אַזוי איז אויפגעקומען די פּאַריזער קאָמונע אין יאָר 1871 נאָך דער פראַנצויזיש־פּרייסישער מלחמה פון יאָר 1870 און די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד פון 1905 — נאָך דער מלחמה צווישן רוסלאַנד און יאַפּאַן און דער מפּלה פון דער רוסישער אַרמיי.

דער געדאַנק, אַז די ענדערונג אין די אייגנטום־פאַרהעלטענישן צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל וועט שאַפן דעם ערשטן תנאי פאַר אַן אוניווערסאַלן שלום, איז אויסגעדריקט געוואָרן נאָך דורך קאַרל מאַרקס אין דער העלפט פונעם 19טן יאָרהונדערט.

אין זיין רעפעראַט אויף דער זיצונג פון ראַט פון ערשטן אינטערנאַציאָנאַל האָט ער אויפגעקלערט, אַז די סטאַבילע אַרמיי האָט די עיקרדיקע אויפגאַבע אויפצוהאַלטן די פּאָליטישע מאַכט איבער די אַרבעטנדיקע. דער פּאָליטישער הינטערגרונט פון די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפליקטן איז די שטרעבונג פון די קאַפּיטאַליסטישע קרייזן צו פאַרשטאַרקן זייער עקאָנאָמישע און פּאָליטישע מאַכט.

דורכן אָנצינדן די וועלט־מלחמה האָבן די הערשנדיקע קאַפּיטאַליסטישע קלאַסן אַרויסגעוויזן די פעטישיזאַציע פון גוואַלט, כּדי פאַרצוזעצן און פּרובירן פאַרברייטערן זייער מאַכט. דאָס האָט פאַרשטאַרקט אין די פאָלקסמאַסן דעם פּראַכט צו די מאָנאַרכיעס, צו די אַלטע דינאַסטישע אַמביציעס און צו דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק. צוזאַמען מיט דעם, וואָס די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט געשעפּט איר פאָלקסקראַפט אינעם ברייטן פּראָטעסט קעגן די מלחמה־שוידערלעכקייטן, איז זי אין איר טיפן יסוד געווען אַ פּרוּוו צו לייזן אויף אַ נייעם אופן די אינעווייניקסטע קלאַסן־אַנטאַגאָניזמען, וועלכע זענען דערגאַנגען צו אַן עקסטרעמער פאַרשאַרפונג אין יאָר 1917 אין רוסלאַנד.

איינער פון די אויסגאַנגס־פּונקטן פון די רעוואָלוציאָנערע כּוחות איז געווען די פולקאָמע אידענטיטעט צווישן די פאָלקס־מאַסן אין שטאָט און דאָרף מיטן אינטערעס פונעם גאַנצן פאָלק. די אָרגאַניזירונג און אַנטוויקלונג פון מיליטערישן אויפשטאַנד פון די פעטראָגראַדער אַרבעטער איז געווען אַ ווענדפּונקט אין פאַרגלייך מיט די פריערדיקע פרידלעכע מאַסנקאַמף־מעטאָדן. די פרידלעכע קאַמפּס־מעטאָדן זענען אָנגעגאַנגען ביז דעם בלוטיקן אָנפאַל פון דער פּאָליציי אויף דער יולי־רעוואָלוציע 1917.

ווען די ציוויליקע רעפּובליקאַנישע רעגירונג האָט זיך איבערצייגט,

אַז זי קאָן ניט האַמעווען די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטישע אַנטוויקלונג, האָט זי באַשלאָסן פּרובירן צו צעשמעטערן די רעוואָלוציאָנערע כּוחות מיט גוואַלט-מעטאָדן. זי האָט דאַן באַפוילן די פּאָליציי אָנצוגרייפן די דעמאָנ־סטראַציעס, וועלכע האָבן געפאָדערט אָפּצשטעלן די מלחמה. צוזאַמען מיט די פּאָליצייִשע גוואַלט-מעטאָדן האָט די צייטווייליקע רעגירונג אָנגע־גריפן די דעמאָנסטראַציע-פרייהייט און די פאַרזאַמלונג-פרייהייט. דורך דעם אָפּשאַפן די פרייהייט פון מאַסנקאַמף איז די צייטווייליקע רעגירונג אין רוסלאַנד, אין דער צווייטער העלפט 1917, פאַקטיש אַרויף אויפן וועג פון בירגערקריג.

די באַצייכענונג וועגן דער מעגלעכקייט פון אַ רעוואָלוציאָנערן פריד־לעכן איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם, באַדייט ניט קיין זי־כערע פעסטשטעלונג וועגן אַ פרידלעכן זיג פון אַזאַ איבערגאַנג אין דעם אָדער אַנדער לאַנד. אָבער די סאַמע באַטאָנונג וועגן דער רעאַלער מעג־לעכקייט פון אַזאַ פּערספּעקטיוו איז געווען פון גרויסער טעאָרעטישער און פּראַקטישער וויכטיקייט אין יענע צייטן, ווי אויך אין די צוקונפטיקע אַנט־וויקלונגען. דער זיג פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע אין אונגאַרן אין מערץ 1919 אָן אַ בירגערקריג איז אַ היסטאָרישער ביישפּיל פון אַ רעאַלער מעגלעכקייט פון פרידלעכן רעוואָלוציאָנערן איבערגאַנג פון קאַ־פּיטאַליזם צום סאָציאַליזם. דער זיג פונעם פאָלקספראָנט אין טשילי אין 1970 און די אויסוויילונג פון סאַלוואַדאָר אַיענדע, אַ פּערזענלעכקייט מיט אַ מאַרקסיסטישער וועלט-אַנשויונג, אַלס פּרעזידענט מיט אַ מערהייט אין טראַדיציאָנעלן פּאַרלאַמענט פון טשילי, איז איינער פון די מאָדערנע ביי־שפּילן, אַז ס'איז דאָ אַ רעאַלע מעגלעכקייט פאַרן איבערגאַנג צום עטאַפּ פון סאָציאַליסטישע ענדערונגען אויף אַ פרידלעכן וועג.

דער בלוטיקער פּוטש קעגן דער פאָלקסמאַכט אין טשילי, דער מאָרד פון מאַרקסיסטישן פּרעזידענט סאַלוואַדאָר אַיענדע אין סעפּטעמבער 1973 דורך דער מיליטערישער רעאַקציאָנערער קליקע און דאָס אויסמאָרדן טויזנטער אומשולדיקע מענטשן, איז אַ באַוויז פונעם אַגרעסיוון, בעסטיאַ־לישן כאַראַקטער פון די רעאַקציאָנערע בורזשואַזע כּוחות. אָבער דער דאָזיקער מיליטערישער פּוטש איז ניט אימשטאַנד אויסצומעקן פון זכּרון די פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעך-מאָראַלישע וויכטיקייט פון דעם זיג פונעם פאָלקספראָנט מיט דעמאָקראַטישע און פרידלעכע וועגן. אין ליכט פון די טראַדיציאָנעלע פּראָגרעסיווע קאַמפן פון די פאָלקסמאַסן אין טשילי, איז



לענין בעת אַן אַדורכקוק פון אַן אָפּטיילונג רויטאַרמייער

פאַראַן אַ יסוד צו גלויבן, אַז די בלוטיקע קאָנטער־רעוואָלוציע פון 1973 איז ניט דאָס לעצטע וואָרט אין דער געשיכטע פון דעם לאַנד.

## די דיסקוסיע צווישן לענין, קאַוטסקי און לוקסעמבורג וועגן פּאַרלאַמענט און ראַטן אינעם סאָציאַליסטישן סיסטעם

צי דאַרפן געוויילטע אַרבעטער־ און פּויערים־ראַטן פאַרבייטן דעם פּאַרלאַמענט אין אַ סאָציאַליסטישן סיסטעם? אָדער קענען ביידע אינסטי־טוציעס דערגאַנצן איינע די פונקציעס פון דער צווייטער? דאָס איז גע־ווען אַ פראַגע פון טעאָרעטישן און אויך פּראַקטישן כאַראַקטער אינעם פּעריאָד פון זיג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און אָפּשאַפונג פון דער קאָנסטיטויִרנדיקער פאַרזאַמלונג אָנהייב 1918.

די דיסקוסיע צווישן קאַוטסקי און לענין וועגן דער אויפגאַבע און וועגן דעם אָרט פון די אַרבעטער־ראַטן ווי אויך וועגן אינהאַלט פון פּאַר־לאַמענטאַרישער דעמאָקראַטיע איז געווען אַקטועל און וויכטיק טעאָרעטיש און פּראַקטיש. די דאָזיקע קאָנפראָנטאַציע איז ניט געבליבן אין דער ספערע פון רעוואָלוציאָנערן און רעפאָרמיסטישן פליגל אין דער אינטערנאַציאָ־נאַלער אַרבעטער־באַוועגונג.

איינע פון די בולטע פּערזענלעכקייטן אינעם רעוואָלוציאָנערן פליגל אין יענער צייט, ראָזאַ לוקסעמבורג, איז אַרויסגעטראָטן מיט אַן עפנטלעכער קריטיק קעגן דער שטעלונג פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי אין דער אויבנדערמאָנטער וויכטיקער פראַגע, אויסדריקנדיק אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע און צו דער דיקטאַטור פון פּראָלע־טאַריאַט.

נאָך דעם ווי די קאָנסטיטויִרנדיקע פאַרזאַמלונג האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַשטעטיקן די דעקלאַראַציע פון די אַרבעטער־רעכט האָט די באָלשעוויס־טישע פּאַרטיי באַשלאָסן אָפּצושאַפן די דאָזיקע פאַרזאַמלונג און באַשטי־מען די אַרבעטער־ און פּויערים־ראַטן אַלס עקסקלוזיווע מלוכהשע אינ־סטיטוציע אַנשטאָט דעם פּאַרלאַמענט.

אין דער אַרגומענטאַציע וועגן דעם פאַרצוג פון ראַטן־סיסטעם־עקס־קלוזיוויטעט האָט לענין אַנטוויקלט די אָנשויונג, אַז די בורזשואַזע דע־

מאָקראַטיע איז ניט קיין אַבסאָלוטער ווערט, נאָר פאַרהעלטנישמעסיק און זייער באַגרענעצט. די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע איז געווען אַ גראַנדיעזער היסטאָרישער פאָרשריט אין פאַרגלייך מיטן מיטלאַלטער, אָבער אין צוואַנ־ציקסטן יאָרהונדערט איז איר הויפּט־פונקציע דאָס דינען די יסודותדיקע אינטערעסן פון די קאַפּיטאַליסטן.



ראָזאַ לוקסעמבורג

לענין האָט אויפגעוויזן די באַגרענעצטקייט פון דער פּאַרלאַמענטאַ־רישער דעמאָקראַטיע, צווישן אַנדערע, אויך דורך דעם, וואָס די סאַמע וויכטיקסטע פּאָליטישע פראַגן אין געביט פון אַרבעט־באַציִונגען, פּרייזן, ווערט פון מטבע, אויסערן־פּאָליטיק, שלום און מלחמה — ווערן דעצי־דירט ניט אין פּאַרלאַמענט, נאָר אויף דער בערזע, אין די ביוראָען פון די באַנקירן און אינדוסטריִעלער, אין די שטאַבן פון די גענעראַלן א״אַ. אין פאַרשיידענע קאָנסטיטוציעס פון קאַפּיטאַליסטישע לענדער איז איינגע־שלאָסן געוואָרן אַ בפירושע רעזערוואַציע, לויט וועלכער ס'איז לעגיטים צו דערקלערן אויסנאַם־צושטאַנד אין פאַל פון געזעלשאַפטלעכע אַנטוויק־לונגען, וועלכע מ'קאָן באַצייכענען אַלס פאַרלעצונג פון דער אָרדענונג.

די פאַקטן האָט לענין געבראַכט אַלס ביישפּיל פאַר דעם, אַז די קאַפּיטאַ־ליסטישע הערשנדיקע קרייזן האָבן זיך קלאָר און דייטלעך פאַרזיכערט אַ כלומרשטן קאָנסטיטוציאָנעלן יסוד פאַרן באַנוץ פון דער אַרמיי קעגן רעוואָלוציאָנערע כוחות אין פאַל ווען ס׳אַנטוויקלט זיך אַ געזעלשאַפטלע־כע באַוועגונג קעגן דער פּאָליטיק פון דער בורזשואַזער רעגירונג.

כדי אָפּצושאַפן די קאַפּיטאַליסטן־מאַכט איז ניט גענוג אַן איינמאָליקער פּאָליטישער אַקט, נאָר ס׳איז נייטיק צו פאַרבייטן די אַלטע מאַכט מיט אַ נייער, מיט אַן אַרבעטער־אָנפירונג אין די פאַבריקן און מיטן איבערגאַנג אויף דער נאַציאָנאַליזירטער ערד צו די פּויערים־ראַטן. ווען בעתן בירגער־קריג האָט דעניקין געדראָט מיט פאַנאַנדערלאָזן די אויסדערוויילטע ראַטן, האָבן די פּויערים רעאַגירט אין די דערפער מיט אַקטיוויזירן די ראַטן צום פאַרטיידיקן די סאָציאַליסטישע ענדערונגען אינעם ערד־אייגנטום.

די בויטוועגדיקייט פון עקסקלוזיוויטעט פון ראַטן־מאַכט האָט לענין אַרגומענטירט מיט זייער נייעם כאַראַקטער, ווי אַן אָרגאַניזאַציע, אַ די־רעקט־אויסגעוויילטע דורך די מאַסן־אַרבעטער אין שטאָט און דאָרף, וועלכע איז פעיִק אָפּצושאַפן דעם אַלטן בורזשואַזן אַפּאַראַט, די פּריווילע־גיעס פון די קאַפּיטאַליסטן און זייער הערשאַפט איבער אַלע נאַטור־רייכ־טימער פון לאַנד. לויט לענינס מיינונג וועט די פאַקטישע גלייכהייט ווערן פאַרווירקלעכט ווען עס וועט אַבסאָלוט בטל ווערן יעדע מעגלעכקייט, אַז איין קלאַס זאָל אויסגענוצט ווערן דורך אַ צווייטן.

קאַוטסקי איז אַרויסגעטראָטן קעגן דער ווייטער־אַנטוויקלונג פון דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. לויט זיין מיינונג זענען די באַדינגונגען ניט געווען רייף צו אַזאַ יסודותדיקער ענדערונג. ער האָט פאַרגליכן די רעזולטאַטן פון אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע אין די קאָנקרעטע באַדינגונגען פון רוסלאַנד צו די רעזולטאַטן צו וועלכע ס׳ברענגט אַן אומגעדולדיקע אַקושערקע, וועלכע באַנוצט זיך מיט פיזישן כוח, כדי אַ שוואַנגערע פרוי זאָל געבוירן דאָס קינד אין פינפטן מאָנאַט אַנשטאָט אין ניינטן.

אויב אַפילו די אַקושערקע באַטראַכט פאַר אַ דערפאָלג די פאַרקירצונג פונעם שוואַנגערשאַפט־פּעריאָד, איז דאָך דער רעזולטאַט — טויט פאַר דער מוטער. קאַוטסקי האָט גערופן דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל צו אָרגאַניזירן אַ פּאָליטישן קאַמף קעגן דער סאָוויעטישער רוסישער רע־פּובליק. ער האָט אויך עפנטלעך אויסגעדריקט זיין מיינונג, אַז מ׳דאַרף איבערווינדן דעם קאָמוניזם מיט קראַפט־מעטאָדן, אַזעלכע וועלכע זענען

אָנגעווענדט געוואָרן לגבי די ראָמאַנאָווס, די האַבסבורגס און די האָהענ־צאָלערנס.

אויב ס'וועט אויסברעכן אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער אויפשטאַנד אין דער סאָוויעטישער רעפובליק, דאַרפן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן — לויט דער מיינונג פון קאַוטסקי — האָבן אַ דעציזירנדיקן איינפלוס אויף אים, ניט אָפּשרעקנדיק זיך פון דעם, אַז דאָס קאָן דינען די פירער פון דער ווייסער גוואַרדיע.

זיין קעגנערשאַפט צו פאַרוואַנדלען די אַרבעטער־ראַטן פון אַן אַרבע־טער־קלאַס־אָרגאַניזאַציע אין אַ מלוכהשער אָרגאַניזאַציע, האָט קאַוטסקי באַגרינדעט מיט דעם אַרגומענט, אַז ס'איז ניט באַרעכטיקט זיך צו פאַר־רופן אויף דער פּאַריזער קאָמונע, וועלכע האָט ניט באַגרענעצט די פּאָלי־טישע רעכט צו איין קלאַס, נאָר אַריינגעפירט אַלגעמיינע וואַלרעכט.

אי קאַוטסקי און אי ראָזאַ לוקסעמבורג זענען אַרויסגעטראָטן קעגן פונאַנדערלאָזן די קאָנסטיטואירנדיקע פאַרזאַמלונג אין סאָוויעטישן רוסלאַנד. אָבער יעדער איינער פון זיי איז געקומען צו דעם אויספיר, אַרויסגייענדיק פון פאַרשיידענע און אַפילו קעגנזעצלעכע שטאַנדפּונקטן.

קאַוטסקי האָט קאַטעגאָריש זיך קעגנגעשטעלט דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע פון 1917 אין רוסלאַנד און האָט באַצייכנט דאָס סאָוויעטישע סיסטעם מיטן נאָמען „צאַריזם אָן אַ צאַר". אין בולטן קעגנזאַץ צו דער דאָזיקער שטעלונג האָט ראָזאַ לוקסעמבורג קלאָר און אַבסאָלוט פּאַרטיי־דיקט די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע, אָבער אויסגעדריקט איר אַנטשלאָ־סענע מיינונג קעגן באַשטימען די אַרבעטער־ און פּויערים־ראַטן אַנשטאָט דעם פּאַרלאַמענט, וועלכער איז אויסגעקליבן געוואָרן אין אַלגעמיינע וואַלן. זי האָט אָנערקענט דעם פאַקט, אַז אין רוסלאַנד פון יענע צייטן האָבן גע־הערשט ספּעציעלע באַדינגונגען, ווייל די רוסישע בורזשואַזיע האָט פּלאַנ־מעסיק אָנגעווענדט סאַבאָטאַזש. טראָץ דעם אָבער האָט זי קריטיקירט דאָס פונאַנדערלאָזן די קאָנסטיטואירנדיקע פאַרזאַמלונג. לויט איר מיינונג האָט מען ניט געדאַרפט מפקיר זיין דעם גורל פון דער רעוואָלוציע אין די הענט פון דער בורזשואַזיע, נאָר ס'וואָלט געוועזן פּאַסיק און געוווּנטשן צונויפרופן אַ קאָנסטיטואירנדיקע פאַרזאַמלונג, וועלכע זאָל אויף אַ בעסערן אופן אויס־דריקן די כּוחות־פאַרהעלטעניש נאָך דער סאָציאַליסטישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. אָן אַלגעמיינע וואַלן, אָן פולער פרייהייט פון פּרעסע און פאַר־זאַמלונג און אָן פרייען קאַמף צווישן מיינונגען איז די טעטיקייט אין אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פּאַראַליזירט, ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן

אילוזיע, און דאַן בלייבט טעטיק נאָר די ביוראָקראַטיע — האָט געשריבן וועגן דעם ענין ראָזאַ לוקסעמבורג.

אין איר אַרגומענטאַציע האָט ראָזאַ לוקסעמבורג באַצייכנט, אַז די אינסטיטוציע פון דעמאָקראַטישער פאָרשטייערשאַפט האָט זיך אַנטוויקלט און אויספאָרמירט אין משך פון דורות אינערהאַלב דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם אַלס רעזולטאַט פון אַקטיוון און דויערנדיקן קאַמף פון די דעמאָקראַטישע כּוחות און די ברייטע פאָלקסמאַסן. אויב די פאָלקסמאַסן האָבן געהאַט פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע קראַפט, כּדי אויסצואיבן אַ דרוק אויפן בורזשואַזן פאַרלאַמענט און באַווירקן זיין טעטיקייט אין אַ געוויסער מאָס, וועט זיין ניט נאַטירלעך, אַז אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע, וועלכע די פאָלקסמאַסן האָבן פאַרווירקלעכט, זאָלן זיי ניט אַרויספליִען זייער חותם אויף די רעפּרעזענטאַטיווע אינסטיטוציעס. דווקא דערפאַר ווייל די אַרבעטנדיקע קלאַסן האָבן געקעמפט אין משך פון לאַנגע דורות פאַר אַן אויסגעוויילטער רעפּרעזענטאַנץ, וואָס זאָל פאָרשטעלן מער אָרומנע־מענדיקער דאָס פאָלק, דאַרף דאָס אַרבעטנדיקע פאָלק, דערגרייענדיק צו דער מאַכט, ניט אָפּשאַפן די דאָזיקע אינסטיטוציע.

לויט ראָזאַ לוקסעמבורגס מיינונג דאַרפן די אַרבעטער־ראַטן בילדן דעם חוט־השדרה פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, אָבער גלייכצייטיק דאַרף דער פאַרלאַמענט ווייטער עקזיסטירן.

אין איר פּאָלעמיק מיט דער פירערשאַפט פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, האָט ראָזאַ לוקסעמבורג אויסגעדריקט די מיינונג, אַז נאָך דער מאַכט־דעראָבערונג דורן אַרבעטער־קלאַס איז כּדאַי, אַז דעם פאַרלאַמענט זאָל געגעבן ווערן אַ מאַקסימאַלע מעגלעכקייט פון שעפערישער איניציאַטיוו און טעטיקייט אין ליכט פון דער לעבעדיקער מאַסן־באַוועגונג און זייער רעוואָלוציאָנערן קאַמף. די אומצערייסלעכע צוזאַמענפלעכטונג צווישן סאָציאַליסטישן עקאָנאָמישן סיסטעם און דעם פּאָליטישן דעמאָקראַטישן איבערבוי שטעלט מיט זיך פאָר דעם גרינטלעכן „אני מאמין" פון ראָזאַ לוקסעמבורג. זי האָט אונטערשטראָכן, אַז די פּאָליטישע פרייהייט אַנטהאַלט אַלע רייניקנדיקע און היילנדיקע ווערטן. אָבער די דאָזיקע ווערטן פאַר־לירן זייער קראַפט ווען די פרייהייט ווערט אַ פּריווילעגיע. זי האָט זיך אַנט־שלאָסן קעגנגעשטעלט מפקיר זיין די צוקונפט פון דער רעוואָלוציע אין די הענט פון דער בורזשואַזיע. ס'איז געווען נייטיק — לויט איר מיי־נונג — צוזאַמענצורופן אַ קאָנסטיטויִרנדיקע פאַרזאַמלונג, וועלכע זאָל פאָרשטעלן די נייע רוסישע סאָציאַליסטישע רעפּובליק און די נייע פאַר־

העלטנישן פון די געזעלשאַפטלעכע כּוחות אין איר, אָבער ניט אָפּשאַפן בכלל די קאָנסטיטוירנדיקע פאַרזאַמלונג.

## דער וועזן פון קאָמפּראָמיס מיט דער בורזשואַזיע

דער וועזן פון אַ מעגלעכן קאָמפּראָמיס צווישן די סאָציאַליסטן און דער בורזשואַזיע איז געווען אַן אָביעקט פון פּאָלעמיק צווישן די אָנהענגער פון רעפאָרמיזם און די אָנהענגער פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם, נאָך דעם ווי די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי האָט געשלאָסן אַ שלום־אָפּמאַך מיט דער דייטשישער רעגירונג אין ברעסט־ליטאָווסק. ווי באַוווּסט איז דער דאָזיקער אָפּמאַך געווען באַזירט אויפן מוותר זיין פון אַ טייל רוסישע טעריטאָריעס און נאָך אַנדערע שלעכטע און אַפילו דערנידערנדיקע באַדינגונגען, וועלכע די דייטשישע רעגירונג האָט אַרויפגעצוווּנגען אויף דער סאָוויעטישער מאַכט.

צי דאַרף מען אַבסאָלוט נעגירן יעדן קאָמפּראָמיס צווישן סאָציאַליסטן און קאַפּיטאַליסטישן רעזשים? אָדער איז אַ קאָמפּראָמיס מיטן בורזשואַזן רעזשים ממש נויטווענדיק אין געוויסע שווערע באַדינגונגען? אין וואָס פאַראַ באַדינגונגען איז אַ קאָמפּראָמיס שעדלעך און אין וואָס פאַראַ פּאָליטישע באַדינגונגען קען ער זיין נוצלעך און אַפילו לעבנסוויכטיק?

די רעפאָרמיסטישע פירער אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין מערב־אייראָפּע האָבן געטענהט, אַז פּונקט ווי לענין איז געגאַנגען אויף אַ קאָמפּראָמיס מיטן דייטשישן אימפּעריאַליזם ביים שליסן דעם שלום צווישן סאָוויעט־רוסלאַנד און דייטשלאַנד אין 1918, אַזוי זענען אויך זיי, די רעפאָרמיסטישע פירער געווען באַרעכטיקט צו מאַכן אַ קאָמפּראָמיס מיט דער בורזשואַזיע אין זייערע לענדער בעת ס'איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה.

אין זיין ענטפער האָט לענין באַצייכנט די נויטווענדיקייט צו אונטערשיידן צווישן אַ קאָמפּראָמיס, וועלכער איז נויטווענדיק אויב ער דערנענטערט דעם שלום צווישן די פעלקער און פאַרשנעלערט די פּערספּעקטיוו פון געזעלשאַפטלעכן פאָרשריט און צווישן אַ קאָמפּראָמיס מיט דער בורזשואַזיע, וועלכער פאַרשטאַרקט די מלחמה־מעגלעכקייט צווישן די פעלקער און דינט פּאַקטיש די קלאַסן־אינטערעסן פון אַ פאַרהעלטנישמעסיק קליינער שיכט פון אימפּעריאַליסטישע מאָנאָפּאָלן. דער קאָמפּראָמיס לויט

וועלכן ס'איז געשלאָסן געוואָרן דער שלום־אָפּמאַך אין ברעסט־ליטאָווסק איז געווען נויטווענדיק, טראָץ זיינע שווערע אַרויפגעצוווּנגענע באַדינ־גונגען. די סיבה פון זיין נויטווענדיקייט איז געווען דאָס אָפּשטעלן די בלוטיקע מלחמה, וועלכע האָט זיך געצויגן איבער פיר יאָר, און דאָס האָט געראַטעוועט די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

אָבער ווען די פירער פון רעפאָרמיסטישן פליגל אין אַרבעטער־קלאַס האָבן געמאַכט אַ קאָמפּראָמיס אין די יאָרן 1914—1918 מיט די בורזשואַזע רעגירונגען פון זייערע לענדער, האָבן זיי געגומען אויף זיך, פון מאָראַ־לישן שטאַנדפּונקט, אַ שרעקלעכע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן פירן די אומגערעכטע אימפּעריאַליסטישע מלחמה.

ווען נאָך דער מלחמה, אין די יאָרן 1918—1920, זענען די רעפאָרמיס־טישע פירער אַריינגעטראָטן אין די בורזשואַזע רעגירונגען, זענען זיי אויסגענוצט געוואָרן דורך די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסן קעגן די רעוואָלו־ציאָנערע כוחות אין זייערע אייגענע לענדער.

די שטעלונג פון די מענשעוויקעס אין די יאָרן 1914—1920, וועל־כע איז פאָרמולירט געוואָרן אין דער לאָזונג „פאַרטיידיקונג פון פאָטער־לאַנד" — איז געווען אין יענע באַדינגונגען, לויט לענינס מיינונג, אַ שותפות אין דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער אַגרעסיווער מלחמה און שטיצע פאַר די אינטערעסן פון גרויס־קאַפּיטאַל. די שטיצע, וועל־כע די מענשעוויקעס האָבן געגעבן דער קערענסקי־רעגירונג, וועלכע האָט פאַרגעזעצט די מלחמה, און שפּעטער פאַר קאָלטשאַקן און דעניקינען, וועלכע האָבן אָנגעפירט דעם בירגערקריג קעגן דער סאָוויעטן־מאַכט איז געווען ענלעך אין איר אינהאַלט צו דער צוזאַמענאַרבעט צווישן די רעכטע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין די מערב־לענדער מיט דער בורזשואַזיע פון זייערע לענדער קעגן זייער אייגענעם אַרבעטער־קלאַס.

לענינס מיינונג איז געווען, אַז אַזאַ קאָמפּראָמיס מיט די אימפּעריאַ־ליסטישע רעגירונגען, וועלכער ווערט געמאַכט פון אייגענעם ווילן און פרייען אויסוואַל — באַדייט פאַקטיש ווערן, אויף אַ באַוווּסטזיניקן אופן, אַ שותף צום רויבצוג פון אימפּעריאַליזם.

אין קעגנזאַץ צו דעם, האָט די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי ניט געמאַכט קיין קאָמפּראָמיס מיטן אימפּעריאַליזם אין יאָר 1914, נאָר זיך געשטעלט קעגן שאָוויניסטן שטראָם, און פאַראורטיילט דעם רוף צו „פאָטערלאַנד־פאַרטיידיקונג" אין דער רויב־מלחמה צווישן קייזער ווילהעלם און דעם צאַר ניקאָלאַי. די באָלשעוויסטישע דעפּוטאַטן אין דער „דומע" האָבן

אויסגעוויילט פאַרטריבן צו ווערן אויף קאַטאַרגע איידער צו שטיצן דעם אַגרעסיוון קריג און באַלוינט ווערן דערפאַר מיט מיניסטער־פּאָסטנס.

צווישן דער שטעלונג, וועלכע וואַרפט אָפּ די אימפּעריאַליסטישע מלחמה פון 1914 און דער שטרעבונג צו שליסן אַ שלום־אָפּמאַך מיט דייטשלאַנד — איז לויט די אָנהענגער פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם פאַראַן אַ קאָנטינויִטעט פון פּאָליטישן געדאַנק און געוויסנהאַפטער צוגאַנג. דער דאָזיקער געדאַנק נעמט אָן, אַז דער נאַציאָנאַלער און אינטערנאַציאָנאַלער אינטערעס איז דווקא זיך קעגנצושטעלן אַן אַגרעסיווער מלחמה. ער באַטראַכט די פרידלעכע קאָעקזיסטענץ צווישן די פעלקער ווי אַ וויכטיקן פאַקטאָר צו פאַרשטאַרקן די נאַציאָנאַלע זיכערהייט ווי אויך ווי אַ נויטווענדיקן באַדינג פאַרן פאָרשריט צום סאָציאַליזם.

## די נאָוועמבער־רעוואָלוציע פון 1918 אין דייטשלאַנד

די מיליטערישע מפּלה פון דייטשלאַנד אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אַרויסגערופן אַ טיפן פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און געזעל־שאַפטלעכן קריזיס. אין דער צייט ווען די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רעכטע פירער האָבן זיך באַטייליקט אין דער רעגירונג, וועלכע האָט געפירט דעם קריג, האָבן באַדייטנדיקע טיילן פון אַרבעטער און מאַטראָסן אָנגעהויבן פונאַנדערוויקלען אין נאָוועמבער 1918 מאַסן־שטרייקן און שטורמישע דעמאָנסטראַציעס מיט דער פאָדערונג אָפּצושטעלן די מלחמה. די רע־וואָלוציאָנערע אויפוואַכונג אין דער דייטשישער אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך אַנטוויקלט אויפן באָדן פונעם קאַמף פאַר אַן אויסגאַנג פון מלחמה־קריזיס. די מאַסן־שטרייקן אין די שטעט, דער בונט פון די מאַטראָסן און סאָלדאַטן קעגן פאַרזעצן די מלחמה־אָפּעראַציעס, דאָס שאַפן געוויילטע אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַטן, דער איבערגאַנג פון אַ באַדייטנדיקן טייל פון דער אַרמיי אויף דער זייט פון דער רעוואָלוציע און די דעמאָבילי־זירונג פון רעאַקציאָנערע קאָמאַנדירן — דאָס אַלץ האָט געבראַכט צו דער אַבדיקאַציע פון קייזער ווילהעלם, צו דער אַנולירונג פון דער מאָנאַרכיע, אָפּשטעלונג פון קריג און צום אָנהייב פון שלום־אונטערהאַנדלונגען.

די נאָוועמבער־רעוואָלוציע פון 1918 אין דייטשלאַנד, וועלכע האָט ענדגילטיק אָפּגעשאַפן דעם מאָנאַרכיסטישן רעזשים איז אַן עקוויוואַלענט

צו דער פעברואַר־רעוואָלוציע פון 1917 אין רוסלאַנד, וועלכע האָט ענד־גילטיק אָפּגעשאַפן דעם צאַריזם.

די אַקטועלע פּאָליטישע פראַגע, וועלכע האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר דער דייטשישער אַרבעטער־באַוועגונג, איז געווען: צי איז די אַבדיקאַציע פונעם קייזער און אַ רעפאָרם אין דעם קעגנוואַרטיקן געזעלשאַפטלעכן סיסטעם אין שטאַנד אַרויסצוציִען דייטשלאַנד פון טיפן מלחמה־קריזיס, אָדער צי איז נויטווענדיק אַ גרינטלעכע ענדערונג אין דער געזעלשאַפט־לעכער אָרדענונג?

פאַרשיידענע ענטפערס זענען געגעבן געוואָרן אויף דער פראַגע דורך דריי שטרעמונגען אין דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג.

דאָס איבערלאָזן פונעם אַלטן מלוכה־אַפּאַראַט פון די יונקערס און פון די גרויסע קאָנצערנען מיט אַ סאָציאַליסטישן פּרעזידענט אַנשטאָט דעם קייזער — איז געווען דער ענטפער פון איין שטרעמונג. זי האָט אויסגעדריקט די מיינונג פון די רעכטע סאָציאַליסטן. אַ צווייטער שטראָם, פּאַק־טיש די מערהייט אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטן, האָבן געשטרעבט אַריבער־צופירן די מאַכט צו נייע אינסטאַנצן, צו אַרבעטער־ און פּויערים־ראַטן. זיי האָבן גערופן צו טיפע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע ענדערונגען צוזאַמען מיט אַ צוזאַמענרוף פון דער קאָנסטיטוציִרנדיקער פאַרזאַמלונג. די אָנהענגער פון דער דריטער שטרעמונג זענען געווען אַ טייל פון די אומ־אָפּהענגיקע סאָציאַליסטן און די אָנהענגער פון „ספּאַרטאַקוס־בונד". זיי האָבן גערופן צו אַנטוויקלען די בורזשואַז־דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע פון נאָוועמבער 1918 אין אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. זיי האָבן אויפגע־קלערט די נויטווענדיקייט אויסצוּוואָרצלען דעם מיליטאַריזם, אָפּצושאַפן דאָס גרויסע ערד־אייגנטום, באַוואָפענען די אַרבעטער און נאַציאָנאַליזירן די גרויסע אינדוסטריע און די בענק.

אין נאָוועמבער 1918 זענען הונדערטער טויזנטער ציווילע אַרבעטער, סאָלדאַטן און מאַטראָסן אַרויס דעמאָנסטרירן אין די גאַסן. זיי האָבן פאַר־כאַפּט געזעלשאַפטלעכע געביידעס און אָנגעגריפן די מיליטערישע קאָמענ־דאַנטור. די באַוועגונג פון די אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַטן האָט זיך אויסגעברייטערט. דאָס אַראָפּוואַרפן די מאָנאַרכיע, וועלכע האָט עקזיסטירט לאַנגע דורות, איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ גראַנדיעזער מאַסן־אַקטיווי־טעט, וועלכע האָט זיך אַנטוויקלט אויף דער באַזע פון צוזאַמענאַרבעט צווישן די מיטגלידער פון אַלע שטרעמונגען אין דער אַרבעטער־באַווע־גונג. די דאָזיקע צוזאַמענאַרבעט און קאַמפּס־אייניקייט האָט זיך אויס־

פאַרמירט אָן אַ פאָרמעלן הסכם אין דער פירערשאַפט און אָן אַ פּאָליטיש פאָרמולירטן פּראָגראַם. זי האָט זיך אַנטוויקלט אין דער רעוואָלוציאָנערער מאַסן־אַקציע.

די רעוואָלוציאָנערע געזעלשאַפטלעכע דינאַמיק האָט געצוווּנגען דעם רעכטן פליגל אין דער באַוועגונג־פירערשאַפט פאַרלאָזן די רעגירונג פון פּרינץ מאַקס און פאָדערן אויף אַן אַנטשלאָסענעם אופן די אַבדיקאַציע פונעם קייזער. קייזער ווילהעלם האָט סוף כּל סוף רעזיגנירט פון זיין טראָן אונטערן דרוק פונעם רוף פון דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג צו אַן אַלגעמיינעם שטרייק, מיטן ציל אויפצושטעלן אַ רעפּובליקאַנישן מלוכה־סיסטעם.

נאָך דעם, ווי די רעוואָלוציאָנערע אַנטוויקלונג איז געוואָרן אַ פאַקט, האָט די רעכטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירערשאַפט אָנגעהויבן זיך איינ־גלידערן אין דער דאָזיקער אַנטוויקלונג, כּדי זי צו קאָנטראָלירן, פאַרהיטן די אייגענע פּאָזיציעס און פּרווון אָפּצוהאַלטן איר שווונג אין געהעריקן מאָמענט. די צוזאַמענאַרבעט צווישן אַלע טיילן פון דער אַרבעטער־באַ־וועגונג, איז געווען אַ צייטווייליקע דערשיינונג, אָבער טראָץ דעם האָט זי געהאַט אַ היסטאָרישע באַדייטונג, ווייל זי האָט געשאַפן די גרויסע געזעלשאַפטלעכע קראַפט, וועלכע איז געווען אין שטאַנד צו פאַרווירקלעכן די גרויסע ענדערונג — די ליקווידאַציע פון דער מאָנאַרכיע. דער צייט־ווייליקער כאַראַקטער פון דער צוזאַמענאַרבעט איז אַרויסגעדרונגען פון די מיינונגס־אונטערשיידן צווישן רעכטן און לינקן פליגל אין דער אַר־בעטער־באַוועגונג וועגן דעם וואָס פאַרא געזעלשאַפטלעך סיסטעם דאַרף קומען נאָכן אָפּשאַפן די מאָנאַרכיע.

צי האָבן די דערגרייכונגען פון דער נאָוועמבער־רעוואָלוציע פון 1918 אין דייטשלאַנד געטראָגן אַ סאָציאַליסטישן אָדער דעמאָקראַטישן כאַראַק־טער ? די דערגרייכונגען, אין רעזולטאַט פונעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף זע־נען געווען: די אָפּשאַפונג פונעם אַבסאָלוטיסטישן רעזשים, 8־שעהעדיקער אַרבעטסטאָג, פאַרזאַמלונגס־פרייהייט, אָרגאַניזירונגס־פרייהייט און אָפּשאַ־פונג פון דער צענזור.

די רעכטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער האָבן באַצייכנט די איבער־דערמאָנטע דערגרייכונגען ווי סאָציאַליסטישע. אין דער זעלבער צייט האָבן זיי פאַרזיכערט אָפּצוהיטן דאָס פּריוואַט־אייגנטום אויף די יסודות־דיקע פּראָדוקציע־מיטלען. אין קעגנזאַץ צו דעם, האָבן די פירער פון רע־וואָלוציאָנערן פליגל באַצייכנט דעם כאַראַקטער פון דער נאָוועמבער־

רעוואָלוציע ווי אַ בורזשואַז־דעמאָקראַטישע און גערופֿן ווייטער אַנטוויק־
לען זי צו אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.

שיידעמאַן האָט דערקלערט, אַז ס'איז טאַקע אוממעגלעך אַ צוריקקער
צו דער מאָנאַרכיע, אָבער ס'איז אומדערלאָזבאַר פֿאַרצווזעצן די דעמאָב־
סטראַציעס. ער האָט גערופֿן אָפּצוהיטן די אָרדענונג. אין דער זעלבער
צייט איז קאַרל ליבקנעכט אַרויסגעטראָטן פֿאַר די דעמאָנסטראַנטן אין
בערלין און האָט זיי גערופֿן פֿאָרצוזעצן דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף, כּדי
אַריבערצופֿירן די לעגיסלאַטיווע, עקזעקוטיווע און יורידישע פֿולמאַכטן צו
די אַרבעטנדיקע פֿאָלקסמאַסן און אויפֿשטעלן אַ סאָציאַליסטישע רעפּובליק.

אויפֿן טאָג־אָרדענונג איז אַרויפֿגעשווומען די פֿראַגע: פֿאַרלאַמענט
אַנשטאָט די אַרבעטער־ראַטן אָדער די עקזיסטענץ און פֿונקציאָנירונג פֿון
דיביידע אינסטאַנצן צוזאַמען? דער צוזאַמענפֿאַר פֿון דעם ראַטן־קאָנ־
גרעס פֿון רייך האָט באַשלאָסן דעם 16.10.1918 מיט אַ מערהייט פֿון 349
שטימען קעגן 98 צו שטיצן די נאַציאָנאַלע פֿאַרזאַמלונג, גלויבנדיק, אַז
דורך דעם וועט פֿאַרזיכערט ווערן די סאָציאַליסטישע אַנטוויקלונג אין
דייטשלאַנד.

דער איבערגאַנג פֿון די רעאַקציאָנערע כּוחות אין דייטשלאַנד צו אַ
מיליטערישער קאָנטער־אָפֿענסיווע האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען
מיט דער פֿאָדערונג פֿון די רעכטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פֿירער צו דע־
מאָבילינזירן די „ים־דיוויזיע", וועלכע האָט פֿאַרכאַפּט דעם קייזערלעכן
פּאַלאַץ. איינער פֿון די שרייענדיקע און טראַגישע אַנטאַגאָניזמען האָט זיך
געשאַפֿן בעת די רעגירונג, וועלכע האָט זיך באַצייכנט ווי אַ סאָציאַליסטישע,
איז אָפּן אַריבערגעגאַנגען אויף דער זייט פֿון דער קאָנטער־רעוואָלוציע.
די מאָרדן פֿון רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער און פֿון די רעוואָלוציאָנערע פֿי־
רער ראָזאַ לוקסעמבורג און קאַרל ליבקנעכט זענען געווען איינע פֿון די
שווערסטע אויסדרוקן פֿון דער דעגענעראַציע פֿון דער רעפֿאָרמיסטישער
סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פֿירערשאַפֿט אין יענער צייט.

לויט דער אָפּשאַצונג פֿונעם גרינדונגס־צוזאַמענפֿאָר פֿון דער קאָמו־
ניסטישער פּאַרטיי פֿון דייטשלאַנד איז איינע פֿון די שוואַכקייטן פֿון דער
נאָוועמבער־רעוואָלוציע פֿון 1918 געווען דער פֿאַקט, וואָס בראש פֿון איר
זענען געשטאַנען עלעמענטן, וועלכע האָבן אַ קורצע צייט נאָך איר אָנהייב,
גענומען אָרגאַניזירן אַן אָפֿענסיווע קעגן איר.

אסתר ווילענסקאַ

# די גרינדונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון דייטשלאַנד (ק.פּ.ד.)

די גרינדונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון דייטשלאַנד (ק.פּ.ד.) אין דעצעמבער 1918 איז געווען אַן אָרגאַניזאַציאָנעלער אויסדרוק פון דער פּאָליטישער קאָנצעפּציע, וועלכע איז רייף געוואָרן אין אַ טייל פונעם לינקן פליגל אין דער דייטשישער אַרבעטער־באַוועגונג וועגן דעם, אַז סאָציאַליזם איז ניט בלויז די זיכערע היסטאָרישע פּערספּעקטיוו, נאָר ער איז געוואָרן אַ באַלדיקע באַדערפעניש, כּדי צו לייזן דעם שווערן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קריזיס נאָך דער וועלט־מלחמה. די דאָזיקע אָרגאַניזירונג איז געווען אַ פּראָצעס, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן מיט פּראָטעסט־אַקציעס פון קאַרל ליבקנעכט, ראָזאַ לוקסעמבורג, פראַנץ מערינג און קלאַראַ צעטקין קעגן דער וועלט־מלחמה.

אין רעזולטאַט פון זייער קעגנערשאַפט צו שטיצן דעם מלחמה־בודזשעט זענען קאַרל ליבקנעכט און ריהל אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער רייכסטאַג־פראַקציע. צוליב דער קעגנערשאַפט צו דער מלחמה האָט זיך דעם 16טן מערץ 1916 די סאָציאַליסטישע אומאָפּהענגיקע פּאַרטיי אויספאָרמירט פון דער אָפּשפּאַלטונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך באַטייליקט אין דער רעגירונג. די אומקלאָרע שטעלונג פון דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי צו די מאָרדאַקטן, אונטער דער הערשאַפט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער רעגירונג, קעגן רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער און מאַטראָסן, האָט פאַרשנעלערט די גרינדונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דאָס איז געווען אַ געזעלשאַפטלעכער שריט, וועלכער האָט אויסגעדריקט די קאָנצעפּציע, אַז ס׳זענען רייף געוואָרן די אָביעקטיווע באַדינגונגען פאַרן איבערגיין פון דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע צום עטאַפּ פון אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.

אין דער אַנטוויקלונג פון דער אויסערן־פּאָליטיק איז פאָרגעקומען אַ דראַמאַטישע ווענדונג ווען די עבערט־שיידעמאַן־רעגירונג האָט פאַראָרדנט אָפּצוּווענדן די דייטשישע אַרמיי פון דער מלחמה קעגן ענגלאַנד און צוטרעטן צו אַ געמיינזאַמער אָפענסיווע, צוזאַמען מיט ענגלאַנד, קעגן דער רוסישער סאָוויעטישער רעפּובליק. דאָס איז געווען אַ פאַטאַלער פּרווו צו צעשמעטערן דורך פייער און שווערד די יונגע סאָציאַליסטישע

אָרדענונג. דאָס איז געווען אַ ווענדפּונקט אין דער אויסערן־פּאָליטיק פון די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען. די לאַגע איז פאַרשאַרפט געוואָרן ווען עבערט און שיידעמאַן האָבן אויפגעשטעלט די „אייזערנע־דיוויזיע", כדי צו פירן דעם קריג קעגן די באָלשעוויקעס אין די באַלטישע לענדער. די אויבנדערמאָנטע קאָנצעפּציע, די אינעווייניקסטע ווי אויך די אויסערלעכע אַנטוויקלונגען, האָבן אויסקריסטאַליזירט אינערהאַלב דעם לינקן פליגל דעם געדאַנק וועגן דער נויטווענדיקייט צו גרינדן אַ קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין דייטשלאַנד.

דער אויסגאַנגס־פּונקט פון די גרינדער איז געווען, אַז ס'איז ניטאָ קיין אַנדער וועג צוריקצוקערן דעם שלום און אים פאַרזיכערן, נאָר דורך דער מאַכט־דעראָבערונג פונעם אַרבעטער־קלאַס.

די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע וועט זיגן דורכן קאַמף פאַר אָפּ־שטעלן די מלחמה — קעגן דער פּאָליטיק פון דער עבערט־שיידעמאַן־רעגירונג.

די רעוואָלוציע פון 9טן נאָוועמבער 1918 איז כאַראַקטעריזירט גע־וואָרן דורך דעם צוזאַמענפאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי ווי אַן אַנטי־מאָנאַרכיסטישע, דעמאָקראַטישע און רעפּובליקאַנישע, ווי אַן עקס־קלוזיוו פּאָליטישע אָן שום גרינטלעכע ענדערונגען אין דער ווירטשאַפט פון דייטשלאַנד. דאָס אַרבעטנדיקע פאָלק, אויסגעמאַטערט פון הונגער און דער הרובער ווירטשאַפט, בייטיקן זיך אין רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען אויך אויפן עקאָנאָמישן געביט.

די שוואַכקייטן פון דער רעוואָלוציע זענען געווען: כאַאָטישקייט, אַ באַגרענעצטע מאָס פון פּאָליטישער באַוווסטזיניקייט, אָפּוועזנהייט פון אָר־גאַניזירטער טעטיקייט און פון אַ פּאָליטישער אָנפירנדיקער און געאייניק־טער קראַפט. די שוואַכקייטן פון דער רעוואָלוציע זענען אַנאַליזירט געוואָרן כדי צו דערמעגלעכן די געהעריקע אויספירן וועגן דער אַנטוויקלונג פון רעוואָלוציאָנערן אָרגאַניזירטן קאַמף אין דער צוקונפט.

די הויפּט־הנחה פונעם צוזאַמענפאָר איז געווען, אַז דאָס קאַפּיטאַ־ליסטישע סיסטעם צעפאַלט זיך און איז בשום אופן ניט אימשטאַנד גובר צו זיין אירע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע שאַרפע אַנטאַגאָניזמען אין איר סטרוקטורעלן קריזיס. דערפאַר איז דער סאָציאַליזם, לויט דער דאַזיקער קאָנצעפּציע, אַ באַלדיקע מעגלעכקייט וועלכע שטייט ממש ביים טויער.

דער דאָזיקער געדאַנק האָט געבראַכט צום גרינגשעצן דאָס אונטער־

שיידן צווישן מינימום־ און מאַקסימום־פּראָגראַם און אין דער באַצייכענונג פון סאָציאַליסטישן ציל אַלס מינימום.

אויף דעם גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון דייטשלאַנד (ק.פּ.ד.) איז אָנגענומען געוואָרן אַן איינדייטיקע שטעלונג וועגן דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דער בורזשואַזער קלאַסן־געזעלשאַפט אין דייטשלאַנד, ענגלאַנד, פראַנקרייך, רוסלאַנד און די פאַראייניקטע שטאַטן פאַר דער וועלט־מלחמה. די וועלט־מלחמה האָט אַוועקגעשטעלט די ברירה: פאַרזעצן דעם סיסטעם פון קאַפּיטאַליזם, נייע מלחמות, כאַאָס, אָדער קאַמף פאַר דער אָפּשאַפונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אויסנוצונג. דאָס קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם האָט דערוויזן דורך דער שוידערלעכער וועלט־מלחמה, אַז זי איז ניט פעיִק זיך צו אַנטוויקלען אויף אַ פרידלעכן אופן און איז ניט אין שטאַנד צו פאַרמיידן טיפע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און מיליטערישע קריזיסן.

די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע, דאַקעגן, איז פעיִק אַרויסצוראַטעווען די געזעלשאַפט פון גרויסן כאַאָס, פאַרזיכערן ברויט און אַרבעט, פאַרמיידן מלחמות, פאַרזיכערן פרידן, פרייהייט און קולטור. די גרינדונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין דייטשלאַנד איז אַרגומענטירט געוואָרן דורך אירע שאַפער מיט דער נויטווענדיקייט אין אַ קלאָרן, איינדייטיקן באַשלוס וועגן דער ריכטונג פון דער געוווּנטשטער אַנטוויקלונג און וועגן דער פאַרווירקלעכונג פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע ווי אַ וועג צו פאַר־זיכערן די צוקונפט.

אַ ברייטע באַהאַנדלונג איז פאַרגעקומען אויף דעם גרינדונגס־צו־זאַמענפאָר אַרום דער פראַגע פון דער באַטייליקונג אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אין די באַדינגונגען פון דער ראַטן־באַוועגונג, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן כּדי צו דערמעגלעכן דעם אַרבעטער־קלאַס דעראָבערן די מאַכט. ראָזאַ לוקסעמבורג איז אַרויסגעטראָטן קעגן דער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישער קאָנצעפּציע וועגן דער עקסקלוזיוויטעט פון פאַרלאַמענטאַרישער טעטיקייט („Nur-Parlamentarismus"). זי האָט פּאָלעמיזירט מיט דער שטעלונג, וועלכע האָט באַטראַכט די פאַרלאַמענטאַרישע טעטיקייט פאַר קעגנזעצלעך צו דער רעוואָלוציאָנערער מאַסן־אַקטיוויטעט.

צוזאַמען מיט דעם האָט זי שאַרף קריטיקירט דעם ראַדיקאַליזם פון די, וועלכע האָבן אַבסאָלוט און בכלל געפּסלט די באַטייליקונג אין די וואַלן צו דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג.

דער רעכטער פליגל אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פירערשאַפט האָט

באַטראַכט די נאָוועמבער־רעוואָלוציע ווי דער מאַקסימום פון די מעגלעכע און נויטווענדיקע דערגרייכונגען. דערפאַר האָבן זיי אויך נעגירט דעם פּאָליטישן שטרייק און די איניציאַטיוו פון די אַרבעטער פאַרזוזעצן דעם פּאָליטישן קאַמף פאַר סטרוקטורעלע, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע ענדערונגען. אין דער זעלבער צייט האָבן די רעוואָלוציאָנערע געזעלשאַפטלעכע קרעפטן, און צווישן זיי די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, געהאַלטן, אַז דער סאָציאַליזם איז אַ באַלדיקע פּאָליטישע נויטווענדיקייט און אויב דער אַרבעטער־קלאַס וועט ניט דערפילן זיין קלאַסן־פליכט, דראָט אַן אונטערגאַנג ניט נאָר אים, נאָר דער גאַנצער געזעלשאַפט.



קאַרל ליבקנעכט רעדט אויף אַן אַרבעטער־מיטינג אין בערלין אין יאַנואַר 1919, עטלעכע טעג איידער ער און ראָזאַ לוקסעמבורג זענען דערמאָרדעט געוואָרן.

דער צענטראַלער געדאַנק, וואָס איז אויסגעדריקט געוואָרן דורך ראָזאַ לוקסעמבורג אויפן גרינדונגס־צוזאַמענפאָר, איז געווען, אַז דער קאַמף קעגן קאַפּיטאַליזם און פאַר סאָציאַליזם קאָן און דאַרף אָנגעפירט ווערן דורך די מאַסן דירעקט אין יעדער אונטערנעמונג דורך יעדן אַרבעטער קעגן זיין אַרבעטס־געבער. דאָס אייגנאַרטיקע אין דער סאָציאַליסטישער רעוואָלו־

ציע איז, אַז די אַרבעטנדיקע מאַסן זענען מחויב ניט נאָר צו באַשטימען קלאָרע קאָמפּעטענצן, נאָר מיט זייער אייגענער טעטיקייט דאַרפן זיי פאַר־ווירקלעכן דעם סאָציאַליזם טריט ביי טריט. דורך אויסוויילן רעפּרעזענטאַ־טיווע און אויטאָריטאַטיווע אינסטאַנצן אין יעדער אונטערנעמונג, זענען די אַרבעטנדיקע מאַסן אין שטאַנד אויפצושטעלן אַן עפעקטיווע קאָנטראָל אויף דער פּראָדוקציע און איבערנעמען די פּאַקטישע אָנפירונג פון פּראָדו־ציר־פּראָצעס.

דאָס ווילן אַרבעטער־ראַטן, פּויערים־ראַטן און סאָלדאַטן־ראַטן שאַפט אַ לעבעדיקן און סטאַבילן קאָנטאַקט צווישן די אַרבעטער־מאַסן און צווישן זייערע נייע אינסטאַנצן. דער גרינדונגס־צוזאַמענפאָר האָט פעסטגעשטעלט, אַז אַ סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע איז ניט קיין פאַרצווייפלטער פּרוּוו פון אַ מינדערהייט צו באַשטימען אַ נייַ געזעלשאַפטלעך סיסטעם מיט גוואַלט, נאָר אַ רעזולטאַט פון דער אַקטיוויטעט פון אַרבעטער־מאַסן, פון מיליאָנען מענטשן, וועלכע האָבן אַ חוב און אַ ווילן צו פאַרווירקלעכן זייער היסטאָ־רישע מיסיע און דורך זייער איניציאַטיוו, באַוווסטזיניקייט און געזעלשאַפט־לעכן קאַמף פאַרוואַנדלען זיי די אָביעקטיווע היסטאָרישע נויטווענדיקייט אין אַ פאַקטישער ווירקלעכקייט.

דער גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון ק.פּ.ד. האָט אָנגעצייכנט קאָנקרעטע שריט אויף צו אַנטוויקלען די בורזשואַז־דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע אין אַ סאָציאַליסטישער, ווי למשל, אויסוויילן אַרבעטער־ראַטן אין גאַנץ דייטש־לאַנד, אין די אונטערנעמונגען, דורכן גאַנצן אַרבעטער־קלאַס; אויסוויילן סאָלדאַטן־ראַטן דורך די סאָלדאַטן, פּויערים־ראַטן אין די דערפער; אַרי־בערפירן די קאָמפּעטענצן פון די פּאַרלאַמענטן צו די אַרבעטער־ראַטן, אַנטוואָפענען די ניט־פּראָלעטאַרישע פּאָליציי און אָפיצערן, פאַרנעמען די וואָפן־פאַבריקן דורך די אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַטן. ווייטערדיקע קאָנ־קרעטע פאָדערונגען זענען געווען: באַוואָפענען די אַרבעטער־באַפעלקערונג אַלס מיליץ, אויסוויילן פאַרשטייער פון אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַטן אין גאַנצן רייך צו אַ צענטראַלן ראַט און צוזאַמענרופן דעם צענטראַלן ראַט איין מאָל אין דריי מאָנאַטן. די פאַרשטייער דאַרפן אויסגעוויילט ווערן אין באַשטימטע טערמינען, כּדי די וויילער זאָלן דורך דעם זיין אין שטאַנד אויסצואיבן אַן עפעקטיווע קאָנטראָל איבערן עקזעקוטיוו־ראַט (Vollzugsrat).

דער רעפאָרמיסטישער פליגל אין דער דייטשישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָט דאָס אויפשטעלן די רעפּובליק און דאָס איינפירן בורזשואַז־דעמאָקראַטישע פרייהייטן באַטראַכט פאַרן הויכפּונקט פון אַלע מעגלעכע

דערגרייכונגען אין דער געגעבענער תקופה. ער איז אַרויסגעטראָטן קעגן אייגנטום־ענדערונג אויף די יסודותדיקע פּראָדוציר־מיטלען. אין דער זעל־בער צייט האָט דער גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פּאַר־טיי גערופן קאָנפיסקירן דעם קייזערס אייגנטום און איינקונפטן לטובת דעם כלל, קאָנפיסקירן די גרויסע שטחים ערד פון די רייכע גרונט־באַזי־צער, קאָנפיסקירן די גרויסע און מיטעלע אונטערנעמונגען, נאַציאָנאַליזירן אַלע קוילן־גרובן, אַלע גרויסע פאַבריקן און אויפשטעלן אַ ראַטן־רעפּובליק.

דער פּראָטעסט קעגן דער פאַרבינדונג פון דער דייטשער אימפּעריאַ־ליסטישער רעגירונג מיט אַנדערע אימפּעריאַליסטישע רעגירונגען ביים אָנצינדן די וועלט־מלחמה אין 1914, ווי אויך קעגן דער באַטייליקונג פון דער דייטשישער רעגירונג אין דער מיליטערישער אינטערווענץ פון פערצן קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען קעגן דער יונגער סאָוויעטישער רעפּובליק, איז זייער דייטלעך געקומען צום אויסדרוק אין דער קאָנצעפּציע פונעם גרינ־דונגס־צוזאַמענפאָר פון ק.פ.ד. די דאָזיקע קאָנצעפּציע האָט פאַרבונדן די צוקונפט פון דייטשישן פאָלק מיט דער אָפּשאַפונג פונעם קאַפּיטאַליסטישן רעזשים. זי האָט פעסטגעשטעלט, אַז אין אַלע נאַציאָנאַלע פראַגן שטעלט פאַר די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון דייטשלאַנד דעם אינטערעס פון דער פּראָלעטאַרישער וועלט־רעוואָלוציע.

## די אָפּענסיווע פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד

צוויי קעגנזעצלעכע פּראָצעסן האָבן זיך אַנטוויקלט אין דער דייטשי־שער געזעלשאַפט אין דער תקופה פון נאָך דער נאָוועמבער־רעוואָלוציע. פון איין זייט האָט זיך פאַרברייטערט די באַוועגונג פון געווייטע אַרבע־טער־ראַטן און ס׳זענען געמאַכט געוואָרן צוגרייטונגען צו אַן אַלגעמיינעם שטרייק מיט דער פאָדערונג צו נאַציאָנאַליזירן די פונדאַמענטאַלע פּראָ־דוציר־מיטלען. די לינקע כּוחות האָבן באַטראַכט די אויסברייטערונג פון די רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען, פון פּאָליטישן געביט צום עקאָנאָמישן, ווי אַ מיטל גובר צו זיין דעם פּאַראַליזש פון דער ווירטשאַפט און דעם הונגער, װעלכע זענען געקומען ווי רעזולטאַטן פון דער מלחמה.

אין קעגנזאַץ צו דעם זענען די רעפאָרמיסטישע סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישע פירער אַרויסגעטראָטן מיט אַן אָפּענעם רוף קעגן פּאָליטישן שטרייק.

זיי האָבן געפאָדערט אָפּצושטעלן דעם קאַמף פאַר געזעלשאַפטלעכע און עקאָנאָמישע ענדערונגען און צוגעזאָגט גובר צו זיין דאָס פעלן פון שפּייז־פּראָדוקטן און דעם פּאַראַליזש פון די באַדינונגען דורך לעגיסלאַטיווער טעטיקייט. אין דער זעלבער צייט, גלייך נאָכן פאַלן פון דער מאָנאַרכיע, האָט זיך די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירערשאַפט פאַרבונדן מיט די מיליטערישע קרייזן פון דער דייטשישער רעאַקציע, כּדי מיט גוואַלט אָפּצושטעלן די געזעלשאַפטלעכע רעוואָלוציאָנערע אַנטוויקלונג און באַזייטיקן אירע אָנפירער.

פאַרשיידענע געשיכטע־פאָרשער באַהאַנדלען און אַנאַליזירן דעם עטאַפּ, ווען די רעוואָלוציאָנערע „ים־דיוויזיע" האָט געהערשט אין די הויפּט־געביידעס פון בערלין. זיי נעמען אָן די מעגלעכקייט, אַז די פּולע און פאַרנונפטיקע אויסנוצונג פון דער לאַגע וואָלט דערמעגלעכט די רעוואָלוציאָנערע כּוחות צו באַקומען הילף פון אַנדערע טיילן אין בערלין און פון אַנדערע דייטשישע שטעט. אין זיין בוך „קאָמוניזם און דעמאָקראַטיע" דריקט אויס ג. ד. ה. קאָל די מיינונג, אַז ס'קען זיין, אַז אין יענעם היסטאָרישן פּעריאָד איז געווען אַ מעגלעכקייט צו ראַטעווען די רעוואָלוציע. אָבער די לינקע כּוחות זענען דאַן ניט געווען צוגעגרייט אָנצופירן מיט אַזאַ ענדערונג.

די קאָנטער־רעוואָלוציע האָט געמאַכט אירע אויספירן פון דער שוואַכקייט פון די רעוואָלוציאָנערע כּוחות. זי האָט אָנגעהויבן די קאָנטער־אָפענסיווע. די אַרמייען פון רעאַקציאָנערן גענעראַל גרענער האָבן דעם 24סטן דעצעמבער 1918 אָנגעהויבן צו באָמבאַרדירן די געביידעס וואָס זענען געווען פאַרנומען דורך דער „ים־דיוויזיע".

אין דער צייט ווען די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־מאַסן האָבן געגלויבט, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רעגירונג וועט זיי פאַרטיידיקן, האָט די דאָזיקע רעגירונג פאַרשטאַרקט איר צוזאַמענאַרבעט מיט די רעאַקציאָנערע מיליטאַריסטישע כּוחות. אַ שוידערלעכע טראַגעדיע האָט זיך אַנטוויקלט אין דער דייטשישער אַרבעטער־באַוועגונג ווען דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פירער גוסטאַוו נאָסקע, וועלכער איז דערגאַנגען צו דער מאַכט מיט די שטימען פון מיליאָנען אַרבעטער, האָט באַפוילן אָנצוהייבן אַן אַלגעמיינע אָפענסיווע קעגן די רעוואָלוציאָנערע כּוחות. די פאָרשטייער פון דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי זענען אַרויסגעטראָטן פון דער רעגירונג, ווען זי האָט אָנגעהויבן צו פאָדערן די אַנטוואָפענונג פון די אַרבעטער. זייער רעזיגנאַציע איז געווען אַ רעזולטאַט פונעם באַוווּסט־

זיין, אַז אַלס מינדערהייט אין דער רעגירונג קאָנען די אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטן ניט אָפּשטעלן די מיליטערישע אָפענסיווע קעגן די רעוואָלו־ציאָנערע כּוחות. די רעזיגנאַציע איז אויך געווען אַן אויסדרוק פון זייער ניט איינשטימיקייט צו נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער אָפענסיווע.

די ערשטע העלפט פון יאַנואַר 1919 איז געווען פול מיט שטורמישע רעוואָלוציאָנערע און אַנטאַגאָניסטישע אַנטוויקלונגען. דער אַלגעמיינער שטרייק, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 6סטן יאַנואַר 1919 מיט אַ מאַסן־אונטערשטיצונג האָט אָפּגעשפּיגלט דעם באַוווסטזיין פון באַדייטנדיקע טיילן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, אַז ס'איז נויטווענדיק געווען צו פירן אַ מאַסן־קאַמף פאַר אַ רעוואָלוציאָנערע ענדערונג פונעם באָדן־אייגנטום און פון אַנדערע יסודותדיקע פּראָדוציר־מיטלען.

ס'איז אַנטשטאַנען אַ מיליטערישער רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט, צו־זאַמענגעשטעלט פון דריי פּרעזידענטן: געאָרג לעדעבור (אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסט), קאַרל ליבקנעכט (קאָמוניסטישער פירער) און פּאַול שאָלצע (רעוואָלוציאָנערער פירער, מיטגליד פון ק.פּ.ד.).

די אַנטשטייונג פון אַ געמיינזאַמען קאָמיטעט האָט אָפּגעשפּיגלט אַ געוויסע מאָס פון צוזאַמענאַרבעט צווישן פאַרשיידענע שטרעמונגען אינער־האַלב דעם רעוואָלוציאָנערן לאַגער, וועלכע האָבן באַשלאָסן איבערגיין צום פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן מאַסן־קאַמף.

די אָפענסיווע פון דער דייטשישער אַרמיי קעגן די רעוואָלוציאָנערע כּוחות, לויטן באַפעל פון גוסטאַוו נאָסקע, האָט דעם 13טן יאַנואַר 1919 גע־בראַכט צו דער צעשטערונג פון די געביידעס, וו ס'זענען באַזעצט געוואָרן די אויפשטענדלער. די מיליטערישע אָפּטיילונגען האָבן דאַן אַריינגעדרונ־גען אין ציייטונגס־קוואַרטאַל, אָקופּירט דעם פּאָליציי־צענטער און דעם 15טן יאַנואַר 1919 דערמאָרדעט קאַרל ליבקנעכט און ראָזאַ לוקסעמבורג. די אַלע געשעענישן זענען געווען רינגען אין דער קייט פון דער מיליטע־רישער אָפענסיווע פון דער רעאַקציע. דאָס איז געשען פיר טעג פאַר די וואַלן צו דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, וועלכע זענען פאָרגעקומען דעם 19טן יאַנואַר 1919.

אסתר ווילענסקאַ

# קאַרל קאַוטסקי און אָטאָ באַוער אַרגומענטירן די באַטייליקונג פון סאָציאַליסטן אין בורזשואַזע רעגירונגען

פּאַראַלעל צו די אָנשטרענגונגען פונעם רעפאָרמיסטישן פליגל אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּירערשאַפט אָפּצושטעלן די רעוואָלוציאָנערע אַנטוויקלונג, האָבן קאַרל קאַוטסקי און אָטאָ באַוער געשאַפן די קאָנצעפּציע וועגן באַטייליקונג פון סאָציאַליסטן אין קאָאַליציע־רעגירונגען מיט דער בורזשואַזיע. קאַוטסקי האָט געשריבן, אַז קיין בורזשואַזע פּאַרטיי איז ניט קיין ריינע קלאַסן־פּאַרטיי, נאָר אַ צוזאַמענשטעל פון פאַרשיידענע קלאַסן־עלעמענטן. בלויז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַליין איז אַ קלאַסן־פּאַרטיי. דאָס דערמעגלעכט — לויט קאַוטסקין — אַ צייטווייליקע צוזאַמענאַרבעט פון אַרבעטער־קלאַס מיט די בורזשואַזע פּאַרטייען.

דער געדאַנק פון קאָאַליציע־רעגירונג איז ניט קיין ערזאַץ צו דער רעוואָלוציע, נאָר בלויז אַ צוגרייטונגס־עטאַפּ צו איר — האָט דערקלערט קאַוטסקי. כּדי צו באַגרינדן זיין מיינונג האָט קאַוטסקי זיך באַנוצט מיט אייניקע זאַצן פון קאַרל מאַרקס אין זיין אַרטיקל „צו דער קריטיק פונעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פּאַרטיי־פּראָגראַם" (1878). אינעם דאָזיקן אַרטיקל ווערט געזאָגט: „צווישן דער קאַפּיטאַליסטישער און קאָמוניסטישער געזעלשאַפט וועט דורכגיין אַ פּעריאָד פון רעוואָלוציאָנערער פאַרוואַנדלונג פון איינער אין דער צווייטער. צו דעם פּעריאָד פּאַסט אויך אַ פּאָליטישער איבערגאַנגס־עטאַפּ, וועלכער קאָן זיין נאָר אַ רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט". דעם דאָזיקן געדאַנק פון מאַרקסן האָט קאַוטסקי פאַר־געשלאָגן צו ענדערן אויפן יסוד פון דער דערפאַרונג פון די לעצטע יאָרן אין רעזולטאַט פון דער באַטייליקונג פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַר־שטייער אין קאָאַליציע־רעגירונגען מיט בורזשואַזע פּאַרטייען. די דאָזיקע תּקופה באַצייכנט קאַוטסקי ווי אַ פּאָליטישער איבערגאַנגס־עטאַפּ, וועלכער נעמט אָן אַ פאָרעם פון אַ קאָאַליציע־רעגירונג צווישן דער סאָציאַל־דע־מאָקראַטיע און בורזשואַזע פּאַרטייען.

קאַוטסקי פּאָלעמיזירט מיט לענינען וועגן דעם וועזן פון דעמאָ־קראַטיע. ער האָט אָפּגעוואָרפן לענינס טעזע, אַז די פולקאָמע דעמאָקראַטיע איז מעגלעך נאָר ווען די קלאַסן־אויסנוצונג וועט אָפּגעשאַפן ווערן און

ס׳וועלן פאַרשווינדן די קעגנזעצלעכע קלאַסן. לויט קאַוטסקין איז אַ טעות צו באַגרענעצן די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע קאַמפּן בלויז צום קעגנזאַץ צווישן פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע, נאָר מ׳דאַרף זען די מעגלעכע נוצן אין אַ צוזאַמענאַרבעט צווישן די ביידע אויף פאַרשיידענע געביטן.

דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פירער, אָטאָ באַוער, האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג וועגן דער נויטיקייט פון באַטייליקן זיך פון אַר־בעטער־פירער אין קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען. אין זיין אַרטיקל אין בערלינער „פרייהייט״ (דעם 3טן יאַנואַר 1922) האָט ער אונטערשיידט צווישן צוויי סאָרטן קאָאַליציע־רעגירונגען: איינע — אַ רעפאָרמיסטישע, דאָס הייסט די אויפגעקומענע אין פּעריאָד ווען די בורזשואַזיע האָט גע־האַט אַ גרויסע מאַכט־איבערגעוויכט איבערן אַרבעטער־קלאַס און האָט זיך דאַן ניט געגייטיקט צו גיין אויף קיין שום קאָמפּראָמיסן. אין אַזעלכע באַדינגונגען, אויב אַ בורזשואַזע רעגירונג שליסט איין אַ סאָציאַליסט אין איר צוזאַמענשטעל, מאַכט זי אים דורך דעם פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פּאָליטיק פון דער דאָזיקער רעגירונג. דערפאַר איז דאָס אַ רעפאָרמיסטישע קאָאַליציע. דאַקעגן דאָרט, ווו דער אַרבעטער־קלאַס האָט זיך פאַרשטאַרקט און עס שאַפט זיך אַ גלייכגעוויכט צווישן די קלאַסן־כּוחות, קאָן אַ קאָאַ־ליציע־רעגירונג פון דער בורזשואַזיע מיט סאָציאַליסטישע מיניסטאָרן זיין אַ צייטווייליקע נויטווענדיקייט. קאַוטסקי האָט לויט באַוערס מיינונג גע־מאַכט אַ פאַראַלגעמיינערונג פון די ספּעציפישע באַדינגונגען אין עסטרייך ווען ער האָט אונטערגעשטראָכן די מיליטערישע מאַכט־פּאָזיציעס, וועלכע דער אַרבעטער־קלאַס דאַרף באַהערשן, כּדי גובר צו זיין דעם בורזשואַזן כּוח און אָפּשאַפן דעם רעפאָרמיסטישן כאַראַקטער פון דער קאָאַליציע.

לויט באַוערס מיינונג האָט דער „רעפאָרמיסטישער מיניסטעריאַליזם״ געבראַכט צו דעם, אַז אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן זיך באַטייליקט אין רעגירונגס־אינסטיטוציעס, טראָץ דעם וואָס די וויכטיקסטע עקאָנאָמישע און מיליטערישע שליסל־פּאָזיציעס זענען געבליבן עקסקלוזיוו אין די הענט פון דער בורזשואַזיע.

באַגרינדנדיק די צוזאַמענאַרבעט פון סאָציאַליסטן אין אַ קאָאַליציע־רעגירונג מיט אַנטי־סאָציאַליסטישע מיניסטאָרן, האָט אָטאָ באַוער זיך פאַררופן אויף דער דערפאַרונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין עסט־רייך. לויט זיין מיינונג איז די קאָאַליציע־רעגירונג אין עסטרייך באַרעכ־טיקט צוליב דעם, וואָס פיל מאַכט־פּאָזיציעס, ווי למשל, די אַרמיי און די מאַסן־קאָמוניקאַציע־מיטלען זענען דאַן געווען אין די הענט פון סאָציאַ־

ליסטישע מיניסטאָרן. באַוער האָט אויך דערקלערט, אַז די אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע איז אָרגאַניזירט אין די פּאַרטייען פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, האָט אַ סך ווייניקער מאַכט־פּאָזיציעס אין פּאַרגלייך מיט דער לאַגע אין עסטרייך. אין באַדינגונגען פון אָפּוועזנהייט פון אַ פּאַקטישן איינפלוס פון אַרבעטער־קלאַס, האָט ער באַטראַכט די באַטייליקונג פון סאָציאַליסטן אין דער בורזשואַזער רעגירונג ווי „רעפאָרמיסטישער מיניסטעריאַליזם". לויט זיין מיינונג איז די פאַרשטאַרקונג פון דער טענדענץ אין די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל צו באַקומען מיניסטעריעלע טעקעס און נעמען דערמיט אויף זיך די פּאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אַן אַנטי־אַרבעטער־פּאָליטיק — אַ רעפאָרמיסטישע אַנטוויקלונג.

די גרויסע און טראַגישע דראַמע האָט זיך אַנטוויקלט ווען די רעכטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער האָבן פאַרגעזעצט צו פּראָפּאַגירן, אַז סאָציאַליסטן זאָלן זיך באַטייליקן אין קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען, דווקא ווען די רעגירונגען האָבן אָרגאַניזירט אַ בלוטיקע מיליטערישע אָפּענסיווע קעגן די רעוואָלוציאָנערע כּוחות אין זייער אייגן לאַנד, אָנגעווענדט באַיקאָט־פּאָליטיק אין באַצוג צו דער רוסישער סאָוויעטישער רעפּובליק ווי אויך געשטיצט פּאָליטיש און מאָראַליש די אינטערווענץ קעגן איר.

## די ראַטן־אָרגאַניזאַציע און אירע קאָמפּעטענצן

טראָץ דעם, וואָס די רעוואָלוציאָנערע כּוחות זענען מיליטעריש דערשטיקט געוואָרן דורך דער רעגירונג פון עבערט־שיידעמאַן, איז דער געדאַנק וועגן דער באַטייליקונג פון אַרבעטער־קלאַס אין די באַשלוסן וועגן פּראָדוציר־פּראָצעס און אין אַלגעמיינעם פּאָליטישן לעבן געבליבן אַקטועל און ניט אַראָפּ פון דער טאָג־אָרדענונג. דער דאָזיקער געדאַנק האָט געפונען זיין אויסדרוק אין דער ראַטן־באַוועגונג, וועלכע האָט זיך פאַרשפּרייט איבער גאַנץ דייטשלאַנד.

די פאָדערונג אויפצושטעלן אַן אַללענדישע אָרגאַניזאַציע פון די אַרבעטער־ראַטן ווי אַ נייע פאַרשטייערשאַפט, וועלכע וועט רעפּרעזענטירן די אַרבעטער־מאַסן, איז געוואָרן דער צענטראַלער אָביעקט פון געזעלשאַפטלעכן קאַמף פון צוויי רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־פּאַרטייען אין די יאָרן 1919 און 1920. דאָס זענען געווען די אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטישע

פּאַרטיי און די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. דאָס אויפשטעלן געוויילטע ראַטן האָט געצילט צו אַנטוויקלען די איניציאַטיוו פונעם אַרבעטער־קלאַס אויפן לעגיסלאַטיוון און אַדמיניסטראַטיוון געביט, כּדי צו דערציִען די אַרבעטנ־דיקע־מאַסן אָנצופירן דעם קאַמף קעגן קלאַסן־אויסנוצונג און פאַרן דער־ראָבערן די פּאָליטישע מאַכט. אַ ספּעציעלער צוזאַמענפאָר פון דער אומ־אָפּהענגיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט דערקלערט זיין איינדייטיקע און קלאָרע שטיצע פאַר די אַרבעטער־ראַטן. דער צוזאַמענפאָר איז גע־קומען צום אויספיר, אַז נאָר דורכן ראַטן־סיסטעם איז מעגלעך אַריבער־צוגיין פון דערווירטשאַפטלעכער קאַפּיטאַליסטישער אַנאַרכיע צו אַ פּלאַנמעסיקער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט, פאַרוואַנדלען דאָס פּריוואַט־אייגנטום פון די הויפּט פּראָדוציר־מיטלען אין געזעלשאַפטלעכן אייגנטום, אָפּשאַפן אומדירעקטע שטייערן, ליקווידירן די דיסקרימינאַציע פון דער פרוי, אויפשטעלן אַ נייע פאָלקס־אַרמיי און אָפּטיילן די מלוכה פון דער קירכע.

די וועזנטלעכע באַדייטונג פון די אַרבעטער־ראַטן דרינגט אַרויס פון דער אָנערקענונג, אַז די אַרבעטנדיקע, וועלכע האָבן געשאַפן אַלע מאַ־טעריעלע אייגנטימער, האָבן אויך דאָס רעכט אויסצואיבן אַ ווירקונג אויף די געזעצן און איבערנעמען אין זייערע הענט די פּאָליטישע מאַכט. דער וועג צו דעם ציל איז געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון די אַרבעטנדיקע מאַסן. דער געמיינזאַמער דאָקומענט פון צענטראַלן אָרגאַן פון די ראַטן אין דייטשלאַנד — מיט דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי — פון 12טן יאַנואַר 1920, האָט אויסגע־דריקט קעגנערשאַפט צום רעגירונגס־געזעץ, וועלכער באַרויבט די ראַטן פון זייערע פולמאַכטן. דער דאָקומענט האָט געפאָדערט אויפצושטעלן ראַטן, וועלכע זאָלן זיין באַפולמעכטיקט צו דעצידירן אין אַלע וויכטיקע פראַגן פון פּראָדוציר־פּראָצעס.

די דילעמע: ראַטן־סיסטעם אָדער אַ נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג איז אויך געווען אַן אָביעקט פון קאַמף צווישן דעם רעוואָלוציאָנערן און רעפאָרמיס־טישן פליגל אין דער דייטשישער אַרבעטער־באַוועגונג. קאַוטסקי האָט גע־פירט אַ פּאָליטישע קאַמפּאַניע קעגן דער מיינונג, אַז אַן אַרבעטער־ראַטן־סיסטעם האָט פאָרצוג איבער דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. קאַוטסקי האָט באַצייכנט דאָס פּאָזיטיווע פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג מיט דעם וואָס זי ווערט אויסגעקליבן אויפן באַזיס פון אַלגעמיינעם וואַל־

סיסטעם פון אַלע בירגער אָן אויסנאַם. דער וואַל־קאַמף צו דער נאַציאָנאַ־לער פאַרזאַמלונג טראָגט אַ כאַראַקטער פון קאַמף צווישן קלאַסן און דער קאַמף פון די פּאַרטייען פירט זיך איבער דעם פּאָליטישן איינפלוס אויף די וויילער. דאַקעגן די שטים־רעכט צו די אַרבעטער־ראַטן איז באַזירט אויף דער פּראָפעסיע. לויט קאַוטסקיס מיינונג באַשטייט דער חסרון פון דער ראַטן־סיסטעם אַלס עקסקלוזיוו סיסטעם דערין, וואָס אין אירע באַדינגונגען ווערט אָביעקטיוו די וואַל־קאַמפּאַניע געפירט ניט צווישן סאָציאַליסטישע און קאַפּיטאַליסטישע קאַנדידאַטן, נאָר צווישן פאַרשטייער פון סאָציאַליס־טישע גרופּן. די עצם וואַל־רעכט צו די אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַטן איז ניט אַזוי קלאָר ווי די אַלגעמיינע וואַל־רעכט. די רעזולטאַטן פון די וואַלן אויפן יסוד פון וואַל־רעכט צו די ראַטן וועלן ניט געבן די אויסגע־קליבענע אינסטאַנצן די מאָראַלישע פולמאַכט, וועלכע ס׳קענען ברענגען וואַלן אויפן יסוד פון אַלגעמיינעם וואַל־רעכט צו דער נאַציאָנאַלער פאַר־זאַמלונג. לויט זיין מיינונג איז די ברירה ניט: אָדער נאַציאָנאַלע פאַר־זאַמלונג, אָדער אַרבעטער־ראַטן, נאָר די עקזיסטענץ פוןביידע אינסטאַנצן צוזאַמען, איינע נעבן דער צווייטער. דער סאָציאַליזם וועט זיך אַנטוויקלען, לויט קאַוטסקיס מיינונג, שטופּנווייז אינערהאַלב דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם און אַ לענגערע צייט וועלן עקזיסטירן, איינע נעבן דער צווייטער, די קאַפּיטאַליסטישע און סאָציאַליסטישע סיסטעמען פון פּראָדוקציע־באַציִונגען.

אי די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג און אי די אויסגעווײלטע אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַטן זענען לעבנסוויכטיק. אָבער יעדער איינער פון די אינ־סטאַנצן האָבן פאַרשיידענע אויפגאַבן. די ראַטן זענען לויט קאַוטסקין לעבנס־וויכטיק אין ערשטן עטאַפּ פון דער רעוואָלוציע, ווען די הויפּט־אויפגאַבע איז אָפּצושאַפן דעם אַלטן רעזשים. אָבער ווען די רעוואָלוציאָנערע אַנטוויקלונג גייט איבער צום צווייטן עטאַפּ, צו בויען אַ נייעם פּאָליטישן רעזשים, קאָנען העלפן אין דעם אַלע קלאַסן, וועלכע באַטייליקן זיך אין די וואַלן צו דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, אויסגעווײלט לויט אַלגעמיינע וואַל־רעכט.

# דער אַלגעמיינער שטרייק אין דייטשלאַנד קעגן קאַפּ־פּוטש

די באַהערשונג פון בערלין דורך דער רעאַקציאָנערער מיליטערישער קליקע אין מערץ 1920 האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם אין דער אַרבעטער־באַוועגונג און דעם באַוווסטזיין פון אַ געפאַר פאַר אַלע דעמאָקראַטישע דערגרייכונגען, און דאָס האָט געבראַכט צו אַ פאַראייניקטן פראָנט פון דער דייטשישער אַרבעטער־באַוועגונג. דער דאָזיקער פראָנט האָט גערופן צו אַן אַלגעמיינעם שטרייק דעם 13טן מערץ קעגן דער מיליטערישער מאָנאַרכיס־טישער דיקטאַטור. די דריי אַרבעטער־פאַרטייען, וועלכע האָבן גערופן צום שטרייק זענען געווען: די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטיי (ס.פּ.ד.), די אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטישע פאַרטיי (או.ס.פּ.ד.) און די קאָמוניסטישע פאַרטיי דייטשלאַנדס (ק.פּ.ד.). דער רוף צו די אַרבעטער פון דייטשלאַנד איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען: צו דער־קלערן אַן אַלגעמיינעם שטרייק אויף צו פאַרטיידיקן די רעפּובליק. אין דעם רוף איז געזאָגט געוואָרן, אַז אונטער דער אָנפירונג פון אָפיצירן־אויפ־שטענדלער איז אין בערלין אַריין די אַרמיי, האָט אויפגעשטעלט אַן אומ־לעגאַלע מאַכט און צעטריבן די אַלגעמיינע צענטראַלע פאַרזאַמלונג און די רעגיאָנעלע פאַרזאַמלונגען. דער פּוטש האָט געדראָט מיט אַן אַבסאָלו־טיסטישער מאַכט, געשטעלט אין געפאַר דעם 8־שעהעדיקן אַרבעטס־טאָג און אַלע אַנדערע סאָציאַלע דעראָבערונגען פון די אַרבעטנדיקע מאַסן.

דער רוף פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פון דייטשלאַנד פון 14טן מערץ 1920 האָט אַנטהאַלטן אַן ענלעכן אינהאַלט צו דעם פונעם אַפּעל פון די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און צו דער דערקלערונג פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, אונטערשטרייכנדיק דעם וועזנטלעכן אַנטאַגאָ־ניזם צווישן דעם אינטערעס פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און צווישן דער מאַכט פון דער רעאַקציאָנערער מיליטערישער קליקע. געמיינזאַם איז אויך געווען די פאָדערונג אָפּצושאַפן די מאַכט פון די פּוטשיסטן קאַפּ־ליטוויץ. אָבער דער אונטערשייד איז באַשטאַנען אין דער דעפינירונג פון דעם פּאָזיטיוון קאַמפּס־ציל: פאַר דער צוריקשטעלונג פון דער בורזשוואַזער רעפּובליק, אָדער פאַר אַ רעוואָלוציאָנערער גרינטלעכער ענדערונג אינעם געזעלשאַפטלעכן רעזשים און פאַר דער אויפשטעלונג פון אַרבעטער־ראַטן.

די ק.פּ.ד. האָט באַצייכנט אַלס פעלער פון דער פאַראַנגעוענהייט דעם

גלויבן פון די אַרבעטער־מאַסן אין דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע. בעת דעם דאָזיקן רעזשים זענען אָנגעגריפן און אויסגעהרגעט געוואָרן 15 טויזנט רעוואָלוציאָנערע קעמפער, די רעוואָלוציאָנערע פּרעסע איז ליקווידירט געוואָרן און די אַרמיי איז געפירט געוואָרן צום קריג קעגן דער רוסישער סאָוויעטישער רעפּובליק. דורך דעם האָט די בורזשואַזע רעפּובליק אָביעקטיוו צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דער מיליטערישער רעאַקציאָנערער קליקע צו פאַרכאַפּן די מאַכט. דערפאַר האָט די ק. פּ. ד. גערופן צום געמיינזאַמען קאַמף קעגן דער מיליטערישער מאָנאַרכיסטישער דיקטאַטור צוזאַמען מיטן קאַמף פאַר דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור.

דער אַלגעמיינער שטרייק קעגן דער קאַפּ־ליטוויץ־קליקע האָט אָנגעהאַלטן פינף טעג און איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג אַ דאַנק דער פולער איינהייט־אַקציע פון די אַרבעטער־פּאַרטייען. די דאָזיקע אַנטוויקלונג האָט דערוועקט אַ טיפן דראַנג און שטרעבונג צו איינהייט־אַקציעס אין דער אַרבעטער־באַוועגונג ניט נאָר ווי אַ צייטווייליקער עפּיזאָד, נאָר ווי אַ שטענדיקע אָפּעראַטיווע ווירקלעכקייט.

אויפן טאָג־אָרדענונג איז אַרויף די פראַגע: אין וואָס פאַרא ראַמען קאָן האָבן דערפאָלג די איינהייט־אַקציע פון אַלע אַרבעטנדיקע.

ביידע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־פּאַרטייען, די אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, זענען אַרויסגעטראָטן פאַר צוזאַמענאַרבעט צווישן אַלע פּאַרטיי־מיטגלידער אין די ראַמען פון די ראַטן, אויסגעווײלטע אויף די אונטערנעמונגען, פאַבריקן, ווי אויך אין די שטאָטראַטן און דעפּאַרטאַמענטאַלע ראַטן. די אַרבעטער־ראַטן דערמעגלעכן טאָג־טעגלעכע צוזאַמענאַרבעט פון די אַרבעטנדיקע אָן אונטערשייד פון פּאָליטישער אָנשויונג. די אויפגאַבע פון די אַרבעטער־ראַטן האָט געדאַרפט זיין צו שאַפן אַ געזעלשאַפטלעכן אַקטיוון פאַקטאָר, וועלכער זאָל זיין אימשטאַנד צו קעמפן קעגן דער מיליטערישער דיקטאַטור ווי אויך אָנצייכענען די פּאָליטישע אַקטועלע צילן און זיין אַן אינסטרומענט פאַר אַ געזעלשאַפטלעכער עפעקטיווער קאָנטראָל איבערן פּראָדוציר־פּראָצעס.

דער אַללאַנד־צוזאַמענפאָר פון די פאָרשטייער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און אָנגעשטעלטע דעם 20סטן מערץ 1920 האָט באַהאַנדלט די פאָדערונג אויף טיפערע סאָציאַלע ענדערונגען. דער צוזאַמענפאָר האָט אויסגעדריקט אומצופרידנקייט פונעם אָפּמאַך מיט די פאָרשטייער פון די רעגירונגס־פּאַרטייען, טראָץ דעם, וואָס ער האָט משלים געווען מיט אים. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע מיניסטאָרן — גוסטאַוו נאָסקע, רודאָלף אַזאַר

און וואַלפגאַנג הײנע — האָבן דעמיסיאָנירט אין רעזולטאַט פון מאַסן־פּראָטעסט קעגן זײער פּאָליטיק.

כּדי צו באַקומען די צושטימונג פון די אַרבעטער אָפּצושטעלן דעם אַלגעמײנעם שטרײק האָבן די פאָרשטײער פון דער רעגירונגס־פּאַרטײ זיך מתחייב געווען אויסצופילן אַ גאַנצע רײ פאָדערונגען. די התחייבותן פון די רעגירונגס־פאָרשטײער זענען געווען: אָנטוואָפענען די אָנטײלנעמער פונעם מיליטערישן פּוטש, דערווײטערן קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע פאַר־שטײער פון געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, באַטײליקונג פון אַרבעטער און אָנגעשטעלטע אין די באַשלוסן וועגן פּראָדוציר־פּראָצעס, סאָציאַליזירן די ווירטשאַפטס־צווײגן, וואָס זענען שוין רײף דערצו, קאַמף קעגן ספּעקו־לאַציע און רעקוויזיציע פון באָדן וועמענס אײגנטימער עס האָבן סאַבאָטירט דאָס צושטעלן שפּײז־פּראָדוקטן.

נאָכן ליקווידירן דעם קאַפּ־ליטוויץ־פּוטש איז אַרויף אויפן טאָג־אָרדענונג די פראַגע וועגן דעם פאַרנעם פונעם אַרבעטער־קלאַס־אײנפלוס אויף דער פּאָליטישער מאַכט. כּדי צו דערגרײכן אַן ערנסטע ענדערונג אין פּראָדוקציע־פּראָצעס איז געווען נויטווענדיק צו דערגײן צו אַן אַרבעטער־באַטײליקונג אין זײן אָנפירונג.

די צענטראַלע פון די אַרבעטער־ראַטן האָט אויסגעדריקט איר זיכער־קײט, אַז ס׳וועט מעגלעך זײן צו געווינען אַ פולע אַרבעטער־קאָנטראָל אין די אונטערנעמונגען ווי אויך זײער באַטײליקונג אין די באַשלוסן וועגן וויכטיקע פּראָבלעמען פון פּראָדוציר־פּראָצעס — דורך אַ קאַמף קעגן די אונטערנעמער אין יעדער אונטערנעמונג באַזונדער, און אויך אין צענטראַלן פאַרנעם — קעגן דער הערשנדיקער פּאָליטישער מאַכט.

דער ענגלישער היסטאָריקער ג. ד. ה. קאָל האָט אַזוי רעזומירט דעם פאַרלויף פון די געשעענישן אין דײטשלאַנד, ווען די אַרבעטער־באַוועגונג האָט אָפּגעשטויסן דעם רעאַקציאָנערן מיליטערישן פּוטש: „ס׳האָט אויס־געזען, אַז אויף אַ וווּנדערלעכן אופן איז געשאַפן געוואָרן אַ צווײטע מעגלעכקײט פאַר אַ דײטשישער רעוואָלוציע״.

נאָך דעם ווי דער אַלגעמײנער שטרײק האָט באַזײטיקט די מיליטערישע קליקע פון דער מאַכט אין מערץ 1920, זענען פאַר דער דײטשישער אַרבעטער־באַוועגונג געשטאַנען צווײ מעגלעכקײטן: אײנע — אויפשטעלן אַ נײע רעגירונג, וועלכע זאָל רעפּרעזענטירן אַלע סאָציאַליסטישע כּוחות, אין צוזאַמענאַרבעט פון די אַלע געזעלשאַפטלעכע פאַקטאָרן פאַר אַ ווענד־פּונקט אין דער ריכטונג פון אַ סאָציאַליסטישן סיסטעם; די צווײטע —

צוזאַמענאַרבעטן מיט די געזעלשאַפטלעכע כוחות, וועלכע שטיצן דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירערשאַפט האָט אויסגעווײַלט די צוזאַמענאַרבעט מיט דעם קאַטוילישן צענטער. אַנשטאָט צו באַשטראָפן די פירער פון פוטש האָט די נײַע רעגירונג זיי געגעבן פרייהייט פון פּאָליטישער טעטיקייט. אין דער זעלבער צייט זענען די מיליטערישע פאָלקס־כוחות, וועלכע זענען געשאַפן געוואָרן, כדי צו פאַרטיידיקן זיך קעגן דער רעאַקציאָנערער איבערקערעניש, אויפגעפאָדערט געוואָרן צו אַנטוואָפענען זיך.

# די רעוואָלוציע און קאָנטער־רעוואָלוציע אין אונגאַרן

דער פּראָטעסט־שטרייק פון צוויי מיליאָן אַרבעטנדיקע אין עסטרייך־אונגאַרן אין יאַנואַר 1918 קעגן דער מלחמה־פאַרזעצונג, פאַר אַ באַלדיקן שלום און פאַר אַ פאַרבעסערונג פון זייערע לעבנס־באַדינגונגען — איז געווען אַ וויכטיקע דאַטע אין דער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין אונגאַרן. זי האָט זיך באַדייטנדיק פאַרשטאַרקט אין אָקטאָבער 1918, ווען רעוואָלטירנדיקע סאָלדאַטן־אָפּטיילונגען האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו די דעמאָנסטרירנדיקע אַרבעטער־מאַסן, וועלכע האָבן פאַרנומען די מיליטערישע קאָמענדאַנטור, די צענטראַלע פּאָסט־געביידע און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע געביידעס. ס׳זענען אויך אויסגעווײַלט געוואָרן ראַטן פון אַרבעטער און פויערים.

איינער פון די וויכטיקע און כאַראַקטעריסטישע דערשיינונגען פון דער רעוואָלוציע אין אונגאַרן איז געווען דער פרידלעכער איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם צום איינפירן דעם סאָציאַליזם. דאָס איז דערמעגלעכט געוואָרן דורך דער פאַראייניקונג פון צוויי אַרבעטער־פאַרטייען — די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע און די קאָמוניסטישע.

די גרינדונג פון דער פאַראייניקטער אַרבעטער־פאַרטיי האָט פאַקטיש געשאַפן די געזעלשאַפטלעכע באַזע פאַר דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג און דערמעגלעכט דאָס איבערנעמען דורך איר די מאַכט דעם 21סטן מערץ 1919 — אָן בירגערקריג.

אין משך פון פיר און אַ האַלב מאָנאַט פון דער עקזיסטענץ פון דער אונגאַרישער ראַטן־רעפּובליק האָט זי אַנטוויקלט אַ פאַרצווייגטע לעגיסלאַ־

טיווע איניציאַטיוו. זי האָט אָפּגעשאַפן דאָס פּריוואַט־אייגנטום אויף די הויפּט־פּראָדוציר־מיטלען און אויפן באָדן. אָבער די נאַציאָנאַליזירטע ערד איז אין אונגאַרן ניט צעטיילט געוואָרן צווישן די ערדלאָזע פּויערים און צווישן די ערד־אַרבעטער. די רעגירונגס־פּאַראָרדענונג, אַז די פּויערים זאָלן באַאַרבעטן די ניט צעטיילטע ערד אונטער דער אויפזיכט פון דירעק־טאָרן, איז געווען אַ פעלערהאַפטער שריט, וועלכער האָט געשטערט דעריִן, אַז די אָרעמע פּויערים זאָלן געבן אַ ברייטע און אַקטיווע שטיצע דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג.

אין אַפּריל 1919 זענען צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון אונגאַרן פאָרגעקומען אַלגעמיינע וואַלן, אין וועלכע ס'האָבן זיך באַטייליקט אַלע בירגער פון 18 יאָר אָן.

פאַרשיידענע וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע רעפאָרמעס זענען פאַרווירק־לעכט געוואָרן אין משך פון דער עקזיסטענץ פון דער אונגאַרישער ראַטן־רעפּובליק: אַלגעמיינע וואַלן אין אַפּריל 1919, נאַציאָנאַליזאַציע פון דער אינדוסטריע און פון די באַנקן, אַכט־שעהעדיקער אַרבעטס־טאָג, פונאַנ־דערטייל צווישן מדינה און רעליגיע, אומזיסטע לערע אין די פאָלקסשולן. די פּאַלאַצן און די ווילעס פון דער אונגאַרישער אַריסטאָקראַטיע זענען אַוועקגעגעבן געוואָרן צו דער דיספּאָזיציע פון די אַרבעטנדיקע, פאַר קינדער־אַנשטאַלטן אאַז"וו.

דאָס אַלץ האָט געשאַפן אַ באַדייטנדיקע פּאָזיטיווע געזעלשאַפטלעכע ענדערונג און דערוועקט די סימפּאַטיע פון די פאָלקס־מאַסן, בעיקר אין די שטעט. די סאָציאַלע רעפאָרמעס האָבן אויך דערוועקט סאָלידאַריטעט אין אויסלאַנד.

דער אַלגעמיינער שטרייק אין ווין פון 21סטן יולי 1919 איז געווען איינער פון די וויכטיקע סאָלידאַריטעט־אויסדריקן מיט די סאָוויעטישע רעפּובליקן, די רוסישע און די אונגאַרישע.

די אָפּשאַפונג פונעם בונד צווישן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און די קאָמוניסטן איז געקומען נאָך די פּרווון, אויפן געמיינזאַמען צוזאַמענפאָר דעם 12טן יוני 1919, צו באַזייטיקן די קאָמוניסטן פון דער פּאַרטיי־פירערשאַפט. דאָס איז געטאָן געוואָרן צוזאַמען מיטן אָנהייבן די צוזאַמענ־אַרבעט צווישן דעם רעכטן פליגל אין דער פאַראייניקטער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי מיט די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע קרעפטן.

דעם 1טן אויגוסט 1919 האָט די רעגירונג פון דער אונגאַרישער ראַטן־רעפּובליק זיך אָפּגעגעבן אין דעמיסיע. די נייע רעגירונג, וועלכע

איז אַנטשטאַנען דעם זעלבן טאָג, האָט אָנגעהויבן באַלדיקע שריט אין אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער ריכטונג. די רויטע מיליץ איז אָפּגעשאַפן געוואָרן, די אַלטע פּאָליציי־אינסטאַנצן זענען צוריקגעקערט געוואָרן, אַלע נאַציאָנאַליזאַציעס זענען בטל געוואָרן און ס'איז צוריקגעשטעלט געוואָרן דאָס פּריוואַטע אייגנטום אויף די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די איינִיקייט צווישן די אונגאַרישע קאָמוניסטן און סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָט אַ סך מיטגעווירקט פאַרן אויפשטעלן די סאָציאַליסטישע רעפּובליק דעם 21סטן מערץ 1919, אָבער פון דער אַנדערער זייט, האָט די אָפּשאַפונג פון דער איינִיקייט און די פאַרבינדונג פון רעכטן פליגל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּירערשאַפט מיט די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע כוחות פון אויסלאַנד, געבראַכט צום פאַלן פון דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג.

די מיליטערישע אינטערווענץ פון די פיר קאַפּיטאַליסטישע מאַכטן — די פאַראייניקטע שטאַטן, ענגלאַנד, פראַנקרייך און איטאַליע, און די הילף פון די רומענישע, טשעכישע און סערבישע רעגירונגען, האָבן דערשטיקט די יונגע אונגאַרישע סאָציאַליסטישע רעפּובליק. די דערפאַרונג אין אונגאַרן האָט באַוויזן ווי מעכטיק ס'איז די קראַפט פון די פאָלקס־כוחות וועלכע האָבן באַקומען די מאַכט אַ דאַנק זייער איינִיקייט. צעשמעטערן די דאָזיקע קראַפט איז געווען מעגלעך נאָר ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די שפּאַלטערישע טעטיקייט אינעם סאָציאַליסטיש־קאָמוניסטישן פראָנט און ווען אויסערלעכע אימפּעריאַליסטישע רעגירונגען האָבן אָנגעווענדט אָפענע מיליטערישע אינטערווענץ.

## די רעסטאַווראַציע פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און די פאַרמירונג פון דריטן

די אָנשטרענגונגען צוריק אָנצוקניפּן די אינטערנאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען פון די אַרבעטער־פּאַרטייען, וועלכע זענען אָפּגעשאַפן געוואָרן אין אויגוסט 1914, זענען אַרויסגעדרונגען פון געמיינזאַמע שטרעבונגען פון דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג צו פאַרמיידן אַ נייע מלחמה, צו פאַרפעסטיקן די פאַרבינדונגען צווישן די מדינות און פאַרווירקלעכן געזעלשאַפטלעכע רעפאָרמעס. צוזאַמען מיט די וויכטיקע און יסודותדיקע געמיינזאַמע שטרעבונגען האָבן זיך געשאַפן וועזנטלעכע קעגנזאַצן צווישן דער קאָנצעפּציע

פון רעפאָרמיסטישן און רעוואָלוציאָנערן פליגל. די מיינונגס־אונטערשיידן האָבן זיך פאַרשאַרפט אַרום די פרוּוון צו רעזומירן די פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט פאַר דער מלחמה, די סיבות פון איר אויסברוך, דער וועג צום סאָ־ציאַליזם, די פערספעקטיוו פון קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם און די באַציִונג צו דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

צוגרייטונגען צו אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענטרעפן זענען געמאַכט געוואָרן דורך ביידע טיילן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, אי פון דעם רעפאָרמיסטישן, אי פון דעם רעוואָלוציאָנערן.

דער אינטערנאַציאָנאַלער צוזאַמענפאָר אין פעברואַר 1919 אין בערן האָט אָנגעצייכנט דעם אָנהייב פון דער רעסטאַוראַציע פונעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער איז זיך פונאַנדערגעפאַלן מיטן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה. דער רוף צוריק אויפצושטעלן דעם אינטערנאַציאָנאַל איז אַרויס פון אַן ענגער קאָמיסיע, וועלכע איז באַשטימט געוואָרן אין מערץ 1918. די קאָמיסיע האָט צוזאַמענגעאַרבעט מיט קאַמיל הויזמאַנס, דעם בעלגישן סעקרעטאַר פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן ביוראָ. די אַנדערע מיטגלידער זענען געווען עמיל וואַנדערוועלדע פון בעלגיע, אַרטור הענדער־סאָן פון ענגלאַנד און אַלבערט טאָמאַס פון פראַנקרייך. זיי אַלע האָבן פאַר־נומען מיניסטעריאַלע פּאָסטנס אין דער רעגירונגס־קאָאַליציע פון זייערע לענדער אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

פּאַראַלעלע באַמיִונגען אויפצושטעלן אַן אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַ־ציע זענען געמאַכט געוואָרן דורכן רעוואָלוציאָנערן פליגל אין דער סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג. דעם 24סטן יאַנואַר 1919 איז אין מאָסקווער ראַדיאָ טראַנסמיטירט געוואָרן אַ ווענדונג צו קומען צום גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פונעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל. די ווענדונג איז געמאַכט געוואָרן אין נאָ־מען פון 39 קאָמוניסטישע פּאַרטייען. זי איז אַרגומענטירט געווען מיט דעם, אַז אין פאַרלויף פון דער מלחמה און פון די רעוואָלוציעס, וואָס זע־נען אויסגעבראָכן נאָך איר, איז קלאָר געוואָרן דער פולער באַנקראָט פון די פּאַרטייען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל ווי אויך פון די צענטער־קרייזן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס זענען געווען באַוווּסט מיטן נאָמען „צענטער״.

צווישן די צענטראַלע פראַגן, וועלכע האָבן דאַן באַאומרויִקט די אַרבעטער־באַוועגונג זענען געווען: דאָס באַשטימען די פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט פאַרן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, באַצייכענען דעם פּלאַץ פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פירערשאַפט אין דער פאַראַנט־

וואָרטלעכקייט פאַרן מלחמה־אויסברוך און די שטעלונג פונעם סאָציאַליס־טישן אינטערנאַציאָנאַל צום קריג. די דאָזיקע פּראָבלעמען האָבן באַאומרויִקט און אויפגעשטורעמט די הערצער סײַ פון מאָראַלישן שטאַנדפּונקט און סײַ ווי אַ פּאָליטיש־אַקטועלע פראַגע. אַ ריכטיקע לייזונג פון די פראַגן האָט אויסגעזען צו זײַן אין שטאַנד צו העלפן פאַרמײַדן אַ וועלטקריג אין דער צוקונפט.

וועגן די אויבנדערמאָנטע פראַגן האָט זיך דער סאָציאַליסטישער באַ־וועגונג ניט איינגעגעבן צו דערגיין צו אַן אײנהייטלעכער שטעלונג. די פאָרשטייער פון רעכטן פליגל אין דער דײַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָבן באַשולדיקט די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע פירערשאַפט מיט ענ־לעכע באַשולדיקונגען, וועלכע ס'האָבן אַרויפגעוואָרפן די הערשנדיקע דײַטשישע און פראַנצויזישע קלאַסן איינער קעגן צווייטן.

די מערהייט אין דער דײַטשישער סאָציאַליסטישער דעלעגאַציע איז ניט געווען גרייט אײַנצושטעלן אין דער ריי פון די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַקטאָרן פאַרן מלחמה־אויסברוך אויך די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּי־רערשאַפט. זי האָט באַשולדיקט אין דעם בלויז דעם אימפּעריאַליסטישן דײַטשישן רעזשים און דעם קייזער, וועלכער איז דערווײַל אַראָפּגעזעצט געוואָרן פון טראָן, אין נאָוועמבער 1918.

דער באַשלוס וועגן די פּראָבלעמען איז פאָרמולירט געוואָרן דורך אַ ספּעציעלער קאָמיסיע, וועלכע האָט אונטערשיידט צווישן דײַטשלאַנד פונעם אַלטן קייזערלעכן רעזשים, דעם פאַראַנטוואָרטלעכן פאַרן מלחמה־אויס־ברוך, און צווישן דער דײַטשישער רעפּובליק. די דאָזיקע דיפערענצירונג האָט ניט אויסגעשעפּט די דיסקוסיע. זי איז געווען אַ קאָמפּראָמיס און בלויז אַ צײַטווײַליקע רעזומירונג. די אָלזײַטיקע אויסשעפּונג פונעם פּראָבלעם וועגן דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געבליבן — אינעם רעפאָרמיסטישן פליגל — אָפן פאַר ווײַ־טערדיקע באַהאַנדלונגען און פאָרשונגען.

אין קעגנזאַץ צו דעם האָבן די גרונטליניעס פון קאָמאינטערן באַצייכנט, אַז די שרעקלעכע וועלט־מלחמה איז ניט קיין רעזולטאַט פון נאַציאָנאַלע מאָטיוון, נאָר פונעם פאַרשטאַרקטן קאַמף צווישן די אימפּעריאַליסטישע מאַכטן פאַר פאַרכאַפּן נײַע מערק און אײַנפלוס־ספערן.

דער מאַניפעסט פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, פאַרעפנטלעכט ביים סוף פונעם גרינדונגס־צוזאַמענפאָר (מערץ 1919), האָט באַשולדיקט די רעגירונג פון קייזער ווילהעלם אין אַרויסרופן די מלחמה, אָבער ניט

באַפרייט די פירערשאַפט פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער שטיצע אין דער מלחמה. די וועלט־מלחמה איז ניט געווען קיין צופעליקע דערשיינונג, נאָר איז צוגעגרייט געוואָרן פּלאַנמעסיק דורך די קאַפּיטאַליסטישע הערשער לטובת זייערע מאַטעריעלע און פּאָליטישע קלאַסן־אינטערעסן, דאָס הייסט לטובת דער




פּרעזידיום פון גרינדונג־צוזאַמענפאַר פון קאָמאינטערן. פון רעכטס אויף לינקס: פריץ פּלאַטען (שווייץ), וו. אי. לענין (רוסלאַנד), הוגאָ עבערליין (דייטשלאַנד), קלינגער

נייער צעטיילונג פון די קאָלאָניאַלע לענדער, ברייטערע קוואַלן פון רוי־שטאָפן, נייע מערק און ביליקע אַרבעט אין די אָפּהענגיקע לענדער.

די גרינטלעכע מיינונגס־אונטערשיידן וועגן דעם פּלאַץ און די צילן

פון דער מלחמה אין קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם זענען געווען פאַרבונדן מיט צוויי קעגנזעצלעכע קאָנצעפּציעס פוןביידע אינטערנאַציאָנאַלן וועגן די אַנטוויקלונגס־פּערספּעקטיוון פונעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם.

דער בערן־צוזאַמענפאָר האָט זיך באַטראַכט אַלס פאָרזעצער פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. ער איז אַרויסגעגאַנגען פונעם שטאַנדפּונקט פון אַ צוזאַמענפלעכט צווישן פּריוואַט־אייגנטום אויף די פּראָדוקציע־מיטלען, פּאַרלאַמענטאַרישע טעטיקייט, געזעצגעבונג לטובת די אַרבעטנדיקע און איבערווינדונג פון עקאָנאָמישן קריזיס. דערפאַר האָט ער קריטיקירט די געזעלשאַפטלעכע אַנטוויקלונגען וועלכע האָבן אָפּגעשאַפן דאָס פּריוואַט־אייגנטום אויף קאָנצערנען. ער האָט געפאָדערט אָפּצושטעלן די סאָציאַליזאַציע, אַרגומענטירנדיק, אַז ס׳איז ניטאָ קיין פּערספּעקטיוו צו געווינען די שטיצע פון דער פאָלקס־מערהייט פאַר אַזעלכע ענדערונגען. די גרינטלעכע קאָנצעפּציע פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל איז געווען דאָס אָפּרייסן די פאַרבינדונג צווישן דעם מלחמה־קריזיס און צווישן דער אַנטוויקלונגס־ריכטונג פון דער קאַפּיטאַליסטישערווירטשאַפט.

די אידעאָלאָגישע באַזע פונעם רעפאָרמיסטישן פליגל איז געווען, אַז דאָס קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם איז פעיִק אַרויסצוגיין פונעם מלחמה־קריזיס און זיך אַנטוויקלען אויפן וועג פון פּאַרלאַמענטאַריזם אין דער ריכטונג צו אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט גערופן די אַרבעטנדיקע שלום צו מאַכן מיטן קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם און אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז דורך געזעלשאַפטלעכע רעפאָרמעס וועט אין די ראַמען פונעם קאַפּיטאַליזם, פון דעמאָקראַטישן פּאַרלאַמענטאַריזם, פאַרבעסערט ווערן די לאַגע פון די אַרבעטנדיקע.

די אָנערקענונג פון אַרבעט־רעכט איז געווען איינע פון די צענטראַלע פאָדערונגען אינעם טשאַרטער, וועלכן דער אינטערנאַציאָנאַל האָט אויסגעאַרבעט, און געדאַרפט אָנגענומען ווערן דורך אַלע רעגירונגען פון די מיטגלידער־מדינות אינעם פאַרבאַנד פון די נאַציעס. די פאַרברייטערונג פון דער אַרבעט־געזעצגעבונג איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מיטל צו פאַרזיכערן דעם מינימאַלן לעבנס־ניוואָ פון די אַרבעטנדיקע.

דער אויסגאַנגס־פּונקט פונעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל איז געווען, אַז די וועלט־מלחמה מיט אירע קאַטאַסטראָפאַלע רעזולטאַטן לגבי דעם מענטשלעכן לעבן, מאַטעריעלע ווערטן און פּראָדוציר־פּראָצעס איז אומצערייסלעך פונעם מהות פון קאַפּיטאַליזם. די מלחמה איז זייער אַ וועזנט־

לעכער אויסדרוק פונעם פּאַראַזיטישן כאַראַקטער און פון די טיפע אַנ־טאַגאָניזמען, וועלכע ס׳איז אוממעגלעך צו לייזן ביים קאַפּיטאַליזם. דער קאָמאינטערן האָט רעזומירט, אַז דאָס הערשנדיקע קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם ברענגט פּעריאָדישע קריזיסן און איז ניט פעיִק גובר צו זיין די אַנאַרכיע אין דער פּראָדוקציע און אומגעריכטע מלחמות. לויט דער דאָזיקער אַנ־שויונג איז נאָר די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפטלעכע סיסטעם בכוח אויס־צוהיילן די מלחמה־וווּנדן, אויפבויען פון דאָס ניי די פּראָדוקציע און פאַר־זיכערן אַ סטאַבילן שלום צווישן די פעלקער.

דער אַרבעטער־קלאַס דאַרף זיך ניט באַנוגענען מיט טיילווייזע עקאָ־נאָמישע אויסבעסערונגען אין די ראַמען פון קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם, נאָר איז מחויב צו אַנטוויקלען אַ פּאָליטישן קאַמף קעגן דער געזעלשאַפטלע־כער אָרדענונג, וועלכע שאַפט די סיבות פון מלחמות און וועלט־מלחמות, וואָס ברענגען טויט פאַר מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן, צעשטערן קול־טור־ווערטן און פּראָדוציר־קרעפטן. די היסטאָרישע מיסיע פונעם אַרבע־טער־קלאַס איז דורכצופירן רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען אינעם פּראָדוציר־סיסטעם און אין דער פּאָליטישער מאַכט, כּדי אָפּצושאַפן די קלאַסן־אויס־נוצונג און אָרעמקייט, ברענגען די בשורה פון געזעלשאַפטלעכע גערעכ־טיקייט און שלום צווישן די פעלקער. די אָפּשאַצונג פון קאָמאינטערן איז געווען, אַז דאָס קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם האָט אויסגעשעפּט אירע לעבנס־כּוחות און איר פונאַנדערפאַל איז זייער נאָענט. דער אַרבעטער־קלאַס איז פעיִק זיך צו באַפרייען און אויך באַפרייען די גאַנצע געזעלשאַפט פון קלאַסן־אויסנוצונג, פון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג און פון מלחמות. ער איז פעיִק דערצו, ווייל ער איז דער גרעסטער קרבן פון דער וועלט־מלחמה, ער ליידט פון דער קאַפּיטאַליסטישער אויסנוצונג, פאַרמאָגט אַ גרויסע שעפערישע קראַפט און פעיִקייט צו קאָנסאָלידירן אַרום זיך אויך אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אויסגענוצטע און באַעוולטע שיכטן. דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל האָט גערופן אויפצושטעלן אַ ראַטן־סיסטעם, כּדי צו דערמעגלעכן דעם אַרבעטער־קלאַס צו פאַרווירקלעכן זיינע רעכט און זיין שטרעבונג צו ווערן אַ געזעלשאַפטלעכער פאַקטאָר, וועלכער דעצידירט אין דער מלוכה־אָנפירונג און אין דער ווירטשאַפט. ער האָט גערופן צום קאַמף פאַר נאַציאָנאַליזירן די הויפּט־פּראָדוקציע־מיטלען און קאָמוניקאַ־ציע ווי אַן אויסוועג פונעם מלחמה־קריזיס.

דער גרויסער יקרות האָט צו נישט געמאַכט די באַגרענעצטע דער־פאָלגן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אויפן געביט פון לוין. דערפאַר

קאָן די אַלזייטיקע רעאַלע איסבעסערונג פון די לעבנס-באַדינגונגען פון די אַרבעטנדיקע און זייער קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע פאַרווירקלעכט ווערן נאָר ווען די פּאָליטישע מאַכט וועט אַריבערגיין פון דער בורזשואַזיע אין די הענט פונעם אַרבעטער-קלאַס.

## דער קאָמאינטערן וועגן בורזשואַזער דעמאָקראַטיע און דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט

דאָס ראַטן-סיסטעם, זיינע פולמאַכטן און די קעגנזייטיקע פאַרהעלטעניש צווישן אים און דעם בורזשואַזן טראַדיציאָנעלן פּאַרלאַמענט איז געווען איינע פון די טעמעס פון פּאָלעמיק צווישן צווייטן רעסטאַווּרירטן אינטערנאַציאָנאַל און צווישן קאָמאינטערן. די דיסקוסיע האָט זיך געפירט ניט אַבסטראַקט, ניט אָפּגעריסן פון דער ווירקלעכקייט, נאָר אויפן יסוד פונעם פאַרווירקלעכטן ראַטן-סיסטעם אין אייניקע לענדער, ווי רוסלאַנד, דייטשלאַנד און אונגאַרן. אין די אויבנדערמאָנטע לענדער האָבן די געוויילטע ראַטן אָנגעהויבן איבערנעמען די קאָנטראָל אין די אונטערנעמונגען. אין רוסלאַנד איז אויך דורכגעפירט געוואָרן אַ באַדן-צעטיילונג צווישן פויערים.

דער קאָמאינטערן האָט באַטראַכט דאָס ראַטן-סיסטעם פאַרן גרינטלעכן אינסטרומענט מיט וועמענס הילף די אַרבעטנדיקע מאַסן קענען דערגיין צו דער פאַרוואַלטונג, ווערן אמתע בעלי-בתים אין דער פּאָליטישער אָנפירונג פון דער מדינה און דעראָבערן די פּאַקטישע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע מאַכט. די רעכט, וואָס דער אַרבעטער-קלאַס באַקומט אין ראַטן-סיסטעם, דינט ווי אַ מיטל צו באַפרייען טיילן פון די אַרבעטנדיקע מאַסן פון אונטער דעם איינפלוס פון די קאַפּיטאַליסטן און פאַרוואַנדלען זיי אין שותפים צום אויפבוי פון דעם נייעם סאָציאַליסטישן סיסטעם.

לויט דער קאָנצעפּציע פונעם קאָמאינטערן איז די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע אַ פאַרמאַסקירטע דיקטאַטור פון דער גרויסבורזשואַזיע. ז', די גרויסבורזשואַזיע זייענדיק אַ מינדערהייט אינעם פאָלק, צווינגט אַרויף איר קלאַסן-ווילן אויף דער גאַנצער געזעלשאַפט. לויט דער דאָזיקער אויפפאַסונג, איז דער עיקר אין דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע די פאָרמעלע דעקלאַרירונג וועגן גלייכבאַרעכטיקונג, ווען אין דער אמתן איז דאָס אַרבעטנדיקע פאָלק באַרויבט פון יעדן וועזנטלעכן איינפלוס אויפן פּראָדוציר-פּראָצעס. אין דער קאַפּיטאַליסטישער דעמאָקראַטיע איז די באַטייליי-

קונג פון די מאַסן אין דער מאַכט נאָר אַ פּוסטע פראַזע, ווייל זי ווערט ניט פאַרווירקלעכט אויפן ווירטשאַפטלעכן, און אויך ניט אויפן פּאָליטישן געביט.

דערפאַר טאַקע האָט דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל געהאַלטן, אַז דער אַרבעטער־קלאַס דאַרף זיך באַנוצן מיטן ראַטן־סיסטעם, כדי אָפּ־צושאַפן די פּריווילעגיעס, פון וועלכע די בורזשואַזיע געניסט אין משך פון לאַנגע דורות.

דאָס ראַטן־סיסטעם אָנערקענט בפירוש די רעכט פון די ווײלער אָפּ־צורופן זייערע פאָרשטייער אין די ראַטן, אויב עס ווייזט זיך אַרויס, אַז זיי דינען ניט ווי געהעריק די אינטערעסן פון זייערע ווײלער. די דאָזיקע רעכט אָפּצורופן די פאָרשטייער דערמעגלעכט דעם אַרבעטער־קלאַס, לויט דער קאָנצעפּציע פון קאָמאינטערן, צו דערגיין צו אַ פולקאָמער דעמאָ־קראַטיע. די וויכטיקייט פון דער מאַכט־דעראָבערונג דורכן אַרבעטער־קלאַס שעפּט זיך ניט אויס מיטן איבערבייטן די רעגירונג־מיניסטאָרן. זי דריקט זיך אויס אין ווייטגייענדיקע ענדערונגען אין פּאָליטישן מלוכה־סיסטעם: די באַוואָפענונג פונעם אַרבעטער־קלאַס און די אַנטוואָפענונג פון דער בורזשואַזיע, די אַנטוואָפענונג פון די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע אָפיצירן און די „ווייסע גוואַרדיע", דאָס אָפּשאַפן די בורזשואַזע געריכטן און דעם אַלטן מלוכה־אַפּאַראַט און די אויפשטעלונג פון נייע אינסטאַנצן פונעם אַרבעטער־קלאַס.

די גרונט־ליניעס פונעם קאָמאינטערן האָבן באַצייכנט די פּראָלעטאַ־רישע דיקטאַטור ווי אַ צייטווייליקע אינסטיטוציע. נאָך דעם ווי ס'וועט אָפּ־גענומען ווערן פון דער בורזשואַזיע דאָס אייגנטום אויף די פּראָדוקציע־מיטלען און ס'וועט באַזיגט ווערן איר קעגנערשאַפט צו דער אַרבעטער־מאַכט, וועט זי בהדרגהדיק פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אַרבעטנדיקער שיכט. דאַן וועלן פאַרשווינדן די קלאַסן־קעגנזאַצן. דאַן וועט די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור אָפּגעשאַפן ווערן און די מדינה וועט אָפּשטאַרבן.

לויט דער קאָנצעפּציע פון קאָמאינטערן איז ניטאָ קיין אַבסטראַקטע דעמאָקראַטיע ווי אויך ניט קיין אַבסטראַקטע דיקטאַטור. אין דער ווירקלעכ־קייט עקזיסטירט ניט קיין „דיקטאַטור אין אַלגעמיין", נאָר זי איז שטענדיק פאַרבונדן מיט אַ געוויסן געזעלשאַפטלעכן קלאַסן־מאַכט אין אַ קאָנקרעטער צייט. אין קיין איינער פון די קולטורעלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער איז ניטאָ קיין דעמאָקראַטיע „אין אַלגעמיין", נאָר עס עקזיסטירט דאָרט פאַקטיש,

אויפן פּאָליטישן ווי אויפן עקאָנאָמישן געביט, די הערשאַפט פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע.

די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור איז די הערשאַפט פונעם אונטערדריקטן קלאַס, וועלכער שטעלט פאַר די איבערוויגנדיקע מערהייט פונעם פאָלק. די דאָזיקע דיקטאַטור באַנוצט זיך מיט איר קראַפט, כדי גובר צו זיין די קעגנערשאַפט פון דער בורזשואַזיע צו נעמען די מאַכט דורך דער פאָלקס־מערהייט.

דער גרינדונגס־צוזאַמענפאַר פון קאָמאינטערן האָט אין זיינע רעזו־מירונגען געבראַכט ביישפּילן פון דער געשיכטע, וועלכע באַווייזן, אַז קיין אויסגענוצטער קלאַס איז ניט דערגאַנגען צו דער מאַכט אָן אַ צייטווייליקן פּעריאָד פון דיקטאַטור, דאָס הייסט, אָן צו אונטערדריקן די קעגנערשאַפט פון די עקספּלואַטירנדיקע קלאַסן. די דאָזיקע פאַקטן האָט דער קאָמאינטערן געבראַכט ווי אַ באַווייז, אַז אַ צייטווייליקער פּעריאָד פון דיקטאַטור איז אַ נאַטירלעכע דערשיינונג. לויט דער דאָזיקער אויפפאַסונג איז די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע געווען אַ פּראָגרעסיווער פאַקטאָר אין פאַרגלייך מיטן פעאָדאַלן רעזשים, אָבער זי האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ רעאַקציאָנערן פאַקטאָר, אין אַ טאָרמאָז פון פּראָגרעס אינעם פּעריאָד פון אַנטוויקלטן קאַפּיטאַליזם, אויף זיין אימפּעריאַליסטישן עטאַפּ.

דער קאָמאינטערן האָט באַצייכנט אַלס פאָדערונג אויף פּריווילעגיעס פאַרן בורזשואַזן קלאַס, די פאָדערונג צו געבן פאַרזאַמלונג־פרייהייט פאַר דער בורזשואַזיע אין דער צייט ווען זי אָרגאַניזירט אַן אַקטיווע מיליטע־רישע קעגנערשאַפט צו דער הערשאַפט פונעם אַרבעטער־קלאַס און פאַר־בינדט זיך מיט אויסערלעכע מיליטערישע כּוחות, כדי מיט זייער הילף אַראָפּצוואַרפן די סאָוויעטן־מאַכט.

שטיצנדיק זיך אויף דער דערפאַרונג פון דער פאַרגאַנגענהייט, איז דער קאָמאינטערן־צוזאַמענפאַר דערגאַנגען צום אויספיר, אַז ווען די בור־זשואַזיע איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער פאַקטאָר (אין ענגלאַנד אין 1649 און אין פראַנקרייך אין 1793) האָט זי בשום אופן ניט פאַרזיכערט פאַר די מאָנאַרכיסטן און פאַר דער שליאַכטע די פאַרזאַמלונג־פרייהייט, ווען זיי האָבן גערופן צו אַ מיליטערישער פרעמדער אינטערווענץ קעגן דער רע־וואָלוציע און גערופן באַגעגענישן, כדי צו אָרגאַניזירן די רעסטאַוראַציע פונעם אַלטן מאָנאַרכיסטישן רעזשים.

לויט דער אויפפאַסונג פונעם קאָמאינטערן, האָבן די רעפאָרמיסטן אויפגעהויבן די פאָדערונג פון פאַרזאַמלונג־פרייהייט פאַר די קאַפּיטאַ־

ליסטן, ניט לייגנדיק קיין אַכט דערויף וואָס פאַראַ אינטענסיווע און אַלזייטיקע קעגנערשאַפט זיי אָרגאַניזירן, כּדי צוריק איבערצופירן די הויפּט־פּראָדוציר־מיטלען צום פּריוואַטן אייגנטום. פון דער אַנדערער זייט, ווייסן די אַרבעטנדיקע פון זייער דערפאַרונג, אַז די פאַרזאַמלונג־פרייהייט איז פאַקטיש באַגרענעצט אַפילו אין די בורזשואַזע רעפּובליקן, ווייל צו דער דיספּאָזיציע פונעם אַרבעטער־קלאַס זענען ניטאָ קיין געזעלשאַפטלעכע בנינים און אויך ניט די געהעריקע מיטלען, זיי צו באַקומען.

דער גרונט־יסוד פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון אַן אמתער דעמאָקראַטיע איז דאָס אַרויסנעמען די פּראָדוציר־מיטלען פונעם פּריוואַטן אייגנטום פון די קאַפּיטאַליסטן. כּל זמן די דרוקערייען און פּאַפּיר־רעזערוון געפינען זיך אין די הענט פון פּריוואַטע קאַפּיטאַליסטישע אייגנטימער און אין דער גרויסער פּרעסע הערשט דער קאַפּיטאַל, איז די פּרעסע־פרייהייט ניט פאַרזיכערט. נאָר דאַן ווען פּריוואַטע מענטשן וועלן ניט האָבן קיין געזעצלעכע און פאַקטישע מעגלעכקייט צו באַרייכערן זיך אויפן חשבון פון דעם צווייטנס אַרבעט און עס וועט פאַרווירקלעכט ווערן די גלייכע רעכט צו באַנוצן זיך מיט געזעלשאַפטלעכע געביידעס, דרוקערייען און פּאַפּיר־זאַפּאַסן, ווען דאָס אַלץ וועט זיין געזעלשאַפטלעך אייגנטום — דאַן וועט זיין אמתע פרייהייט און גלייכהייט. דעם טראַגישן פאַקט, וואָס דער מאָרד פון די רעוואָלוציאָנערע פירער קאַרל ליבקנעכט און ראָזאַ לוקסעמבורג איז אויסגעפירט געוואָרן אין דער צייט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער הערשאַפט און די מערדער זענען ניט באַשטראָפט געוואָרן — האָט דער קאָמאינטערן־צוזאַמענפאָר באַצייכנט ווי אַ טרויעריקן באַוויז, אַז די דעמאָקראַטישע רעפּובליק איז פאַקטיש לויט איר מהות אַ דיקטאַטור פון דער בורזשואַזיע.

דער קאָמאינטערן־צוזאַמענפאָר האָט אויפגעקלערט, אַז די פאָרמען פון דער דעמאָקראַטיע האָבן זיך זייער געביטן אין פאַרלויף פון טויזנטער יאָרן. די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע, וואָס איז דער ערשטער איבערגאַנג פון דער מאַכט פון דער אויסנוצערישער מינדערהייט צו דער אויסגענוצטער מערהייט, קאָן ניט ווערן פאַרווירקלעכט אין די ראַמען פון דער פאַרלאַמענטאַרישער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, אָן דעם זי זאָל שאַפן נייע פאָרמען פון דעמאָקראַטיע, דאָס הייסט נייע אינסטיטוציעס. די ענלעכע שטריכן פון דער פּראָלעטאַרישער דעמאָקראַטיע און דער בורזשואַזער איז די נויטיקייט צו אונטערדריקן דעם קלאַס, וועלכער פאַרלירט זיין פּאָליטישע מאַכט. אָבער דער אונטערשייד באַשטייט אין דעם, וואָס די דיקטאַטור פון

די ערד־אייגנטימער און פון דער בורזשואַזיע שאַפט אַן אונטערדריקונג מצד דער אונטערדריקנדיקער מינדערהייט איבער דער איבערוויגנדיקער מערהייט פונעם פאָלק. פון דעם איז אַרויסגעדרונגען דער אויספיר פונעם קאָמאינטערן, אַז די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט איז ניט בלויז אַן ענדע־רונג פון דער פאָרעם פון די דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס, נאָר אַ פּרע־צעדענסלאָזע ענדערונג פון דעם וועזן פון דעמאָקראַטיזם פון די אַרבעטנ־דיקע קלאַסן.

די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור אין דער סאָוויעטישער רוסישער רעפּוב־ליק, דאָס ראַטן־סיסטעם אין אונגאַרן, די אָרגאַניזאַציע פון די ראַטן אין דייטשלאַנד, די אַרבעטער־קאָמיטעטן אין ענגלאַנד, זענען, לויט דער קאָנ־צעפּציע פונעם קאָמאינטערן, נייע פאָרמען פון דעמאָקראַטיע, וועלכע שטיצט זיך אויף די מאַסן־אַרבעטער. די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע איז אַ פּאָליטיש סיסטעם, אין וועלכן די אַרבעטנדיקע קלאַסן זענען אויסגעשלאָסן פון יעדן איינפלוס אויף דער פּאָליטישער אָנפירונג פון דער מדינה. אָבער די ראַטן־מאַכט דערנענטערט די אַרבעטער־מאַסן צו דער מאַכט. די אָביעק־טיווע באַדינגונגען פון פּראָלעטאַריאַט, ווי דער אַממייסטן אָרגאַניזירטער און צענטראַליזירטער קלאַס דורכן קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוציר־סיסטעם, ווי אויך דער סוביעקטיווער פאַקטאָר, דאָס הייסט דער פאַקט, וואָס דער אַר־בעטער־קלאַס איז דער סאַמע באַוווסטזיניקער קלאַס, דערמעגלעכט אים צו אַנטוויקלען זיך אין אַן אָנפירנדיקן פאַקטאָר אויך פון אַנדערע אויסגענוצ־טע שיכטן אין קאַמף פאַר דער מאַכט־דעראָבערונג.

דאָס ראַטן־סיסטעם איז געשטיצט געוואָרן ניט בלויז דורך די קרייזן וועלכע האָבן זיך באַצייכנט ווי אָנהענגער פון קאָמאינטערן, נאָר אויך דורך די אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטן, וועלכע זענען אַרויסגעטראָטן מיט אַ רוף צו געבן די אַרבעטער־ראַטן פולמאַכטן צו באַשטימען געזעצן.

אין די באַשלוסן אויפן גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פונעם קאָמאינטערן איז געגעבן געוואָרן אַן ענטפער אויף די פאָרווורפן פון די רוסישע מענשעווי־קעס און סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן וועגן געוויסע רעכט־באַגרענעצונגען, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן געמאַכט לגבי זיי. אין די באַשלוסן וועגן דער פראַגע איז געזאָגט געוואָרן, אַז די אויבנדערמאָנטע פּאַרטייען מאַכן זיך ניט וויסנדיק, אַז די דאָזיקע רעכט־באַגרענעצונג האָט זיך אָנגעהויבן אין רעזולטאַט פון דער באַטייליקונג פון די מענשעוויקעס און סאָציאַל־רעוואָ־לוציאָנערן אינעם בירגערקריג אויף דער זייט פון דער בורזשואַזיע קעגן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט. אויף אַן ענלעכן אופן האָבן זיך באַטייליקט

אין דייטשלאַנד שיידעמאַן און זיין סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אינעם בירגערקריג אויף דער זייט פון דער בורזשואַזיע און בפירוש קעגן די אַרבעטנדיקע.

לויט דער מיינונג פונעם קאָמאינטערן איז אין די דאָזיקע באַדינגונ־גען, די פּאַרטיידיקונג פון אַ ריינער דעמאָקראַטיע דורך דעם בערנער אינ־טערנאַציאָנאַל — אַ פּאַקטישע פּאַרטיידיקונג פון מענטשן, וועלכע האָבן זיך געשטעלט אינעם בירגערקריג אין אָפענעם קאַמף קעגן דעם אַרבעטער־קלאַס.

דער גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פונעם קאָמאינטערן האָט פּאַרעפנטלעכט אַ רוף צום אַרבעטער־קלאַס אויסצוווילן ראַטן אין דער אינדוסטריע, אין אַלע אַנדערע ווירטשאַפטס־צווייגן, אין דער אַרמיי, צווישן די מאַטראָסן, צווישן די דאָרף־אַרבעטער און די מיטעלע פויערים און געווינען אַ מער־הייט מיט אַ קלאַסן־באַוווסטזיין אין די אויסגעוויילטע ראַטן. דער דאָזיקער רוף האָט זיך באַזירט אויף דער אָפּשאַצונג, אַז נאָך דער וועלט־מלחמה האַלט דאָס קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם ביים אַבסאָלוטן פונאַנדערפאַל און דער אָנקום פון סאָציאַליסטישן סיסטעם אין וועלט־מאַסשטאַב איז זייער נאָענט.

# דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם אין דער קאָנצעפּ־ציע פון רעסטאַווירטן אינטערנאַציאָנאַל

דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל, וועלכן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן רעסטאַווירט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זיך פונדאַ־מענטאַל אונטערשיידט פון דעם פאַרמלחמהדיקן אין זיין צוזאַמענשטעל, זיינע פּרינציפּן און אַקטועלע פּאָליטישע צילן. די צוזאַמענפאָרן פון סאָ־ציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל פאַרן וועלטקריג זענען געווען אָפן פאַר דער באַטייליקונג פון פאַרשיידענע אַרבעטער־פּאַרטייען פון יעדן לאַנד. אין קעגנזאַץ צו דעם איז די איינלאַדונג צום בערנער צוזאַמענפאָר געווענדט געווען בלויז צו איין פּאַרטיי אין יעדן לאַנד און אויך בלויז צו איין פּראָפעסיאָנעלן צענטער.

דערפאַר איז ניט דערמעגלעכט געוואָרן די באַטייליקונג אינעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר פון פאַרשטייער פון אַנדערע אַרבעטער־פּאַרטייען, ווי צום

ביישפּיל פון דער אומאָפּהענגיקער אַרבעט-פּאַרטיי, פון דער סאָציאַליסטי-שער בריטישער פּאַרטיי און פון דער פאַביאַנער געזעלשאַפט.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון איטאַליע און שווייץ, וועלכע זענען געווען אַקטיוו אין דער צימערוואַלד-באַוועגונג, האָבן זיך קעגנגעשטעלט צו אַ באַזונדערן צוזאַמענפּאַר, אָרגאַניזירט אונטער דער אָנפירונג פון די סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן געשטיצט די וועלט-מלחמה פון 1914.

דער פאַרנעם פון דער פאָרשטייערשאַפט אין דעם צוזאַמענפּאַר אין בערן איז געווען זייער באַגרענעצט. עס האָבן זיך באַטייליקט אין איר דעלעגאַציעס בלויז פון 26 לענדער. אַ טייל דעלעגאַציעס האָבן פאָרגע-שטעלט אַ מינדערהייט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון זייער לאַנד. אַזוי, למשל, איז פון איטאַליע געווען פאָרגעשטעלט אַ מינדערהייט אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אין דער רוסישער דעלעגאַציע זענען געווען בלויז מענשעוויקעס און סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערן. ס׳האָבן זיך ניט באַטייליקט אין איר די פאָרשטייער פון די באָלשעוויקעס און אויך ניט די לינקע עסערן. די פּוילישע פאָרשטייער זענען געווען מיטגלידער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אונטער פּילסודסקיס אָנפירונג און ניט די פּוילישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן. אינעם בערנער צוזאַמענפּאַר איז פאַקטיש ניט געווען קיין פאָרשטייערשאַפט ניט פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען און ניט פון די אַנדערע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, נאָענטע צום געדאַנק פון קאָמוניזם. אָן אויסנאַם איז געווען די נאָרוועגישע סאָציאַליס-טישע פּאַרטיי, אין וועלכן דער רעוואָלוציאָנערער פליגל האָט באַקומען אַ מערהייט.

דער בערנער צוזאַמענפּאַר האָט באַגריסט די געזעלשאַפטלעכע רעוואָ-לוציעס, וועלכע האָבן אָפּגעשאַפן די אַלטע רעזשימען פון אימפּעריאַליזם און מיליטאַריזם אין רוסלאַנד, עסטרייך-אונגאַרן און דייטשלאַנד. אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער אָנגענומען אַ נעגאַטיווע שטעלונג צו די אָנשטרענגונגען ווייטער צו אַנטוויקלען די בורזשואַז-דעמאָקראַטישע רעוואָ-לוציע אין אַ סאָציאַליסטישער. ער האָט דערקלערט אַז ס׳איז אוממעגלעך אָפּצוטיילן סאָציאַליזם פון דעמאָקראַטיע, געטאַדלט די דיקטאַטור און ספּעציעל די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי. דער רעסטאַוורירטער סאָציאַליסטי-שער אינטערנאַציאָנאַל האָט דערקלערט, אַז די דעמאָקראַטישע ווערטן, פרייהייט פון וואָרט, פּרעסע-פרייהייט, פאַרזאַמלונגס-רעכט, אַלגעמיינע וואַל-רעכט, פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דער רעגירונג פאַרן פּאַרלאַמענט —

זענען וויכטיק אַן און פאַר זיך און צוזאַמען מיט דעם באַוואָפּענען זיי אויך די אַרבעטנדיקע קלאַסן מיט מיטלען אָנצופירן דעם קלאַסן־קאַמף.

דער מינדערהייטס־פאָרשלאַג, וועלכער איז געבראַכט געוואָרן דורך אַדלער און לאָנגעט, האָט אויסגעדריקט קעגנערשאַפט צום אַלגעמיינעם טאַדלונג־באַשלוס קעגן דער באָלשעוויסטישער פּאָליטיק. די מינדערהייט האָט אויפגעקלערט, אַז זי איז ניט גרייט צו שטיצן זיך אויף אַ באַריכט פון רוסישע פאָרשטייער, וועלכע שטעלן פאָר בלויז אַ מינדערהייט פון רוסישן אַרבעטער־קלאַס. זיי ווילן ניט נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פאַר באַשלוסן, וועלכע וועלן אָנגענומען ווערן אָן דער גענויער אויספאָרשונג פון די קאָנקרעטע באַדינגונגען אין רוסלאַנד. די מינדערהייט האָט געוואָרנט קעגן אַ שריט, וועלכער קען באַשווערן אַ צוזאַמענטרעף פון די אַרבעטנדיקע פון אַלע לענדער און האָט אויסגעדריקט די שטרעבונג צו פאַרמיידן אַן ענדגילטיקן ריס צווישן דעם רעפאָרמיסטישן פליגל און דעם רעוואָלוציאָנערן. זי האָט גערופן ניט אָפּצושאַפן די פּערספּעקטיוו פאַר אַ פרייען אַריינטריט פון די רעפאָרמיסטישע ווי פון די רעוואָלו־ציאָנערע פאַרטייען אין איין אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע.

דער וועג צום סאָציאַליזם איז באַצייכנט געוואָרן אויפן בערנער צו־זאַמענפאָר ווי אַ שטופנווייזע אַנטוויקלונג אויף דער באַזע פון דעמאָקראַ־טישן פאַרלאַמענטאַריזם אָן אַ גוואַלטשאַפטלעכער רעוואָלוציע. פון דעם איז אַרויסגעדרונגען דאָס אונטערשטרייכן די וואַל־קאַמפּאַניעס ווי די סאַמע וויכטיקסטע אויפגאַבע פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען, דאָס האַמעוועז דעם קלאַסן־קאַמף קעגן די קאַפּיטאַליסטן און אַ נעגאַטיווע באַציִונג צום פּאָליטישן קאַמף פאַר דער מאַכט פונעם אַרבעטער־קלאַס. טראָץ דעם וואָס זיי האָבן באַצייכנט דעם פאַרלאַמענטאַריזם אַלס וועג צום סאָציאַליזם, דאָך קאָן מען ניט זאָגן, אַז די סאָציאַליסטישע פאַרטייען האָבן בכלל ניט באַ־מערקט די שוואַכקייטן פונעם פאַרלאַמענט אין קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם.

איינער פון די בולטע אויסדרוקן פון דער קריטיק קעגן די שוואַכקייטן פון בורזשואַזן פאַרלאַמענט אויך ביי ניט־קאָמוניסטישע פאַרטייען איז גע־ווען דער מעמאָראַנדום פון דער אומאָפּהענגיקער אַרבעט־פאַרטיי אין ברי־טאַניע. זי איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דעצעמבער 1919 אין דער צייט־שריפט „ניו־לידער". די הויפּטקריטיק איז געווען געווענדט קעגן דער באַגרענעצטקייט פון די פולמאַכטן פון ענגלישן פאַרלאַמענט. קעגן דער אויבערהאַנט פון די עקזעקוטיוו־אינסטיטוציעס איבער די געזעצגעבערישע. דאָס הייסט, די קריטיק איז געווען געווענדט קעגן דער פאַקטישער רעגי־

רונגס־אומאָפּהענגיקייט פונעם פּאַרלאַמענט, ספּעציעל אין דער צייט פונעם וועלטקריג, און אויך דאָס, אַז דער פּאַרלאַמענט האָט בכלל ניט באַהאַנדלט קיין וויכטיקע פראַגן, וואָס זענען נוגע די שווערע באַדינגונגען פונעם אַר־בעטער־קלאַס. היות דער פּאַרלאַמענט ענטפערט זייער לאַנגזאַם אויף די פאָדערונגען פון די פאָלקס־מאַסן, געפינט פאַר נייטיק אַ טייל פון די אַרבעטנדיקע, וועלכע פילט זיך שטאַרק באַוואָלט, אָנצוווענדן דירעקטע געזעלשאַפטלעכע אַקציעס אויסערן פּאַרלאַמענט.

לויט דעם אויבנדערמאָנטן מעמאָראַנדום, איז דער כאַראַקטער פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אָפּהענגיק פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּאָליטיק לגבי דער סאָציאַליסטישער מדינה און ניט פון די נויטווענדיקייטן פון סאָציאַליזם. די אומאָפּהענגיקע בריטישע אַרבעט־פּאַרטיי האָט אויס־געדריקט די מיינונג, אַז די סאָוויעטישע פאָרעם איז ניט די בעסטע פאָרעם פאַר דער אינדוסטריעלער דעמאָקראַטיע, טראָץ דעם וואָס זי קען זיין אַן עפעקטיווע רעוואָלוציאָנערע פאָרעם, וועלכע צילט צוצופּאַסן די פּאָליטישע לייזונגען צו דער אינדוסטריעלער נויטווענדיקייט פון באַזייטיקן די פּאַראַ־זיטישע בורזשואַזיע פון דער מאַכט. די אומאָפּהענגיקע אַרבעט־פּאַרטיי האָט באַטאָנט, אַז די רעוואָלוציאָנערע דערפאַרונג פון די לעצטע פינף יאָר האָט דערוויזן, אַז די פּאַרלאַמענטאַרישע דעמאָקראַטיע קאָן ניט זיין עפעקטיוו, אויב עס וועלן ניט אָנגענומען ווערן קיין שריט צו פאַראייניקן אין אַן ענגער פאָרם דעם רעגירונגס־אַפּאַראַט מיט דער אינדוסטריעלער אָרגאַניזאַ־ציע פונעם אַרבעטער־קלאַס. דער מעמאָראַנדום האָט זיך באַצויגן פּאָזיטיוו צו דער איניציאַטיוו פון די אַרבעטנדיקע צו קעמפן פאַר זייערע רעכט און האָט באַטאָנט די וויכטיקייט פון דער קעגנזייטיקער פאַרבינדונג צווישן דעם קלאַסן־קאַמף און דער פּאַרלאַמענטאַרישער טעטיקייט. דער אַרבעטער־קאַמף, וועלכן ער האָט גערופן „די דירעקטע אַקציע" (The Direct Action), דאַרף ניט זיין קיין ערזאַץ פאַר דער פּאַרלאַמענטאַרישער טעטיקייט, אָבער ער איז אַ וויכטיקער אינסטרומענט נעבן דער געזעצגעבערישער אַרבעט.

דער צוזאַמענפאָר פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אין זשענעווע, אין יולי 1920, האָט אָפּגעוואָרפן יעדע פאָרעם פון דיקטאַטור. ער האָט אויסגע־דריקט דעם ווונטש אויפצושטעלן אַ נאַציאָנאַלן אינדוסטריעלן ראַט, וועל־כער דאַרף פאַרשטעלן פאַרשיידענע ווירטשאַפטס־צווייגן און טראָגן אַ ראַטגעבערישן כאַראַקטער.

די דעזאינטעגראַציע, וועלכע אַנטוויקלט זיך ביים קאַפּיטאַליסטישן סיס־טעם, אין די מלחמה־יאָרן ווי אין דער נאָך־מלחמה צייט, שאַפט אַ נויט־

װענדיקייט — לויט דער רעזומירונג פונעם צװייטן רעסטאָװרירטן אינטער־נאַציאָנאַל — אַז די אַרבעט זאָל איבערנעמען די מאַכט אין דער גע־זעלשאַפט. מיט דעם באַגריף „אַרבעט" װערן באַצייכנט ניט בלויז פיזישע אַרבעטער, נאָר אויך אינטעלעקטועלע אַרבעטער אויף פאַרשיידענע געביטן װי אויך בעלי־מלאכהס, אָרעמע פויערים א"אַ. אַ װעזנטלעכער באַדינג פאַר דער מאַכט־דעראָבערונג דורך דער אַרבעט איז אייניקייט אין די אַר־בעטער־רייען װי אויך דאָס װיסן װי אַזוי זיך צו באַנוצן מיט דער מאַכט. דער זשענעװער צוזאַמענפאָר איז אַרויסגעטראָטן קעגן גװאַלט־מעטאָדן און דערקלערט, אַז די אַרבעטנדיקע קאָנען ניט דערגרייכן צו דער מאַכט ניט אויסנוצנדיק זייער שעפערישע און פּאָליטישע קראַפט. אָבער אין קעגנזאַץ צו דער מיינונג פונעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל װעגן דער װיכטיקייט אויפ־צוקלערן די אַרבעטנדיקע, װעלכע פירן אַ פּראָפעסיאָנעלן קאַמף, אויך די פּאָליטישע אַספּעקטן פון זייער קאַמף, — האַלט דער זשענעװער צוזאַמענ־פאָר, אַז דער שטרייק דאַרף בלייבן אין די ראַמען פון פּראָפעסיאָנעלע פאָדערונגען און מ'דאַרף אים ניט אויסברייטערן צו אַ פּאָליטישער קאַמ־פּאַניע.

אין דער אַרויסטרעטונג פון דעם דייטשישן סאָציאַל־דעמאָקראַט, מאַקס קאָהען, קעגן דעם ראַטן־סיסטעם און פאַר װאַלן צו דער נאַציאָנאַלער לעגיסלאַטיװער פאַרזאַמלונג, אויפן צוזאַמענפאָר פון די פאַרשטייער פון די אַרבעטער און סאָלדאַטן אין דייטשלאַנד (דעצעמבער 1918) — האָט ער געזאָגט, אַז ס'איז אוממעגלעך צו פירן די װירטשאַפט פונעם לאַנד אין קעגנזאַץ צו די אינטערעסן פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט און אין אַנבליק פון איר קעגנערשאַפט.

דער זשענעװע־צוזאַמענפאָר האָט פאַראַלגעמיינערט די שטעלונג פונעם רעפאָרמיסטישן פליגל אין דער סאָציאַליסטישער באַװעגונג, װעלכע האָט באַטראַכט די סאָציאַליזאַציע פאַר אַ שטערונג צו דער װידער־אויפשטעלונג פון דער װירטשאַפט. זי האָט אָפּגעװאָרפן די מיינונג פון רעװאָלוציאָנערן פליגל, װעלכע האָט דערקלערט און דערװיזן, אַז דװקא די סאָציאַליזאַציע איז אַן עפעקטיװער װעג צו לייזן דעם מלחמה־קריזיס און גובר זיין דעם שפּייז־מאַנגל און די צעשטערונג פון דער פּראָדוקציע.

די װיכטיקסטע אויפגאַבע פון דער לייבאָר־רעגירונג, װען זי װעט דערגרייכן צו דער מאַכט, איז צו באַשטימען אַלס גרונט־באַזע פון געזעצגע־בונג און אַדמיניסטראַציע — דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם אַלס צװיי צוזע־מענגעבונדענע עלעמענטן. די היסטאָרישע מיסיע פונעם סאָציאַליסטישן

רעזשים איז צו דערפֿירן די דעמאָקראַטיע צו דער מדרגה פֿון פֿאָלקאָמענהייט. דער אַרבעטער־קלאַס איז דער הויפּט־געזעלשאַפֿטלעכער כּוח, וועלכער קאָן פֿאַרזיכערן די דעמאָקראַטיע. דער זשענעווער צוזאַמענפֿאָר האָט אָנגעצײכנט די פּערספּעקטיוו פֿון אַ סאָציאַליסטישן פּאַרלאַמענט, וואָס וועט אויסגעקליבן ווערן אויף דער באַזע פֿון אַלגעמיינע וואַל־רעכט. זיין אויפֿגאַבע איז פֿאַרצושטעלן אַלע פֿאָלקס־פֿאָדערונגען און ווינטשן פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דער געזעלשאַפֿט ווי אַ גאַנצע.

דער צווייטער רעסטאַווריטער אינטערנאַציאָנאַל האָט אויסגעדריקט די האָפֿענונג וועגן דער מעגלעכקייט, אַז דער פּאַרלאַמענט זאָל אויסטיילן געוויסע פֿולמאַכטן פֿאַר אַנדערע אינסטאַנצן, ווי למשל, אַרבעטער־ראַטן. אָבער די אַלגעמיינע יסודות פֿון די געזעצגעבערישע סאָציאַלע פּאָליטיק וועלן בלייבן אין די ראַמען פֿון די פֿולמאַכטן פֿון פּאַרלאַמענט. די סאָציאַליזאַציע פֿון די פּראָדוקציע־מיטלען וועט זיך ניט געפֿינען אין די ראַמען פֿון די אַרבעטער־פֿולמאַכטן, נאָר פֿונעם פּאַרלאַמענט, בלויז דער פּאַרלאַמענט וועט זיין קאָמפּעטענט צו באַשליסן אין וועלכע אונטערנעמונגען מ׳דאַרף פֿאַרווירקלעכן די סאָציאַליזאַציע און אין וועלכע באַדינגונגען. דער זשענעווער צוזאַמענפֿאָר האָט אָנגעצייכנט אַ פּערספּעקטיוו פֿון אויפֿשטעלן פֿאַרשיידענע געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס, כּדי צו אַנטוויקלען די קאָנסום־ און פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען פֿון די אַרבעטנדיקע, וועלכע אָרגאַניזירן זיך פֿרייוויליק.

דער זשענעווער צוזאַמענפֿאָר האָט אויסגעדריקט אַלגעמיינע שטיצע צום איבערגאַנג פֿון דער עקאָנאָמישער אָפּהענגיקייט פֿון אַ גרויסער מאַסע פּראָדוצענטן פֿון פּריוואַט־אייגנטום צו אַן אַלגעמיינער באַטייליקונג פֿון די אַרבעטנדיקע אין דער פֿאַרוואַלטונג. ער האָט באַצייכנט די נאַציאָנאַליזאַציע ווי אַ לאַנגזאַמען פּראָצעס, וועלכער וועט פֿאַרווירקלעכט ווערן שריט נאָך שריט, פֿון איין אינדוסטריע צו דער צווייטער. ער האָט אויך אונטערשטראָכן, אַז די סאָציאַליסטן וועלן זיך אָפּהאַלטן פֿון נאַציאָנאַליזירן פּריוואַטע אונטערנעמונגען, וועלכע טראָגן פּראָפֿיטן ביז זיי וועלן דערגיין צו דער לאַגע, אַז דאָס פּריוואַטע אייגנטום וועט קאָנען פֿאַרביטן ווערן אין אַ מער עפֿעקטיווער אייגנטום־פֿאָרעם. אַזאַ לאַנגזאַם סיסטעם פֿון סאָציאַליזאַציע דערמעגלעכט ניט צו קאָנפֿיסקירן פּריוואַט־אייגנטום אָן אַנטשעדיקונג. די פֿאַרפֿליכטונג צו באַצאָלן אַנטשעדיקונג איז אַרגומענטירט געוועןמיט צוויי טעמים: ערשטנס, ניט גורם זיין ליידן די פּריוואַטע אונטערנע־

מער, וועלכע זענען נוגע בדבר; צווייטנס, דער שאָדן, וואָס וועט פאַרשאַפט ווערן דורך דער קאָנפיסקאַציע פון אונטערנעמונגען און זייער באַלדיקער איבערפיר צום אַלגעמיינעם אייגנטום.

דער רעסטאַווורירטער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט באַצייכנט דריי הויפט־פאָרמען פון סאָציאַליזאַציע: נאַציאָנאַלע, מוניציפּאַלע און קאָאָפּעראַטיווע. די ערד דאַרף מען נאַציאָנאַליזירן, פאַרזיכערנדיק די אינטערעסן פון די פּויערים, וועלכע באַאַרבעטן זי. מ׳דאַרף אויך נאַציאָנאַליזירן אינדוסטריעס, וועלכע זענען פון גרעסטער נאַציאָנאַלער וויכטיקייט. פיל אַנדערע אינדוסטריעס דאַרפן אַריבערגעפירט ווערן צו דער דיספּאָזיציע פון די לאָקאַלע אינסטאַנצן. די פּראָדוקציע און צעטיילונג פון וויכטיקע פּראָדוקטן דאַרף מען איבערגעבן הויפּטזעכלעך די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן. די אינדוסטריעס, וועלכע וועלן בלייבן דערווייל אין פּריוואַטע הענט, דאַרפן זיין אונטערגעאָרדנט אַ געזעלשאַפטלעכער קאָנטראָל, איינגעשלאָסן די באַשטימונג פון אַרבעטס־באַדינגונגען און פּרייזן.

דער סאָציאַליזאַציע־פּרינציפּ איז ניט געווענדט קעגן בעל־מלאכהס, ווי אויך ניט קעגן מענטשן פון פרייע פּראָפעסיעס, וועלכע נוצן ניט אויס קיין פרעמדע אַרבעט, אָבער ער דערמעגלעכט ניט קיין פּריוואַט־אייגנטום אויף נאַטירלעכע אוצרות אָדער אויף גרונטיקע אינדוסטריעס. אַ גרויסע ריי פון אינדוסטריעס און באַדינונגען האָט דער זשענעווער־צוזאַמענפאָר פאַרגעשלאָגן איבערצופירן אונטער דער קאָנטראָל פון לאָקאַלע אינסטאַנצן. אין דער אַדמיניסטראַציע דאַרפן באַטייליקט ווערן פאַרשטייער פון פיזישע און גייסטיקע אַרבעטער מיט דער קלאָרער באַשטימונג, אַז קאָלעקטיווע אונטערהאַנדלונגען און באַשלוסן ווערן פאָרגעשלאָגן פאַרן ריכטיקן וועג צו לייזן קאָנפליקטן.

דער באַוווסטער ענגלישער פאָרשער פון געשיכטע ג. ד. ה. קאָל באַמערקט אין זיין בוך „געשיכטע פון באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע“, אַז דאָס באַשטימען דעם אַלגעמיינעם פּרינציפּ פון דעמאָקראַטישער און מוניציפּאַלער קאָנטראָל „קאָן דינען ווי אַ באַווייז פאַרן שטאַרקן געזעלשאַפטלעכן דרוק וועלכן ס׳האָבן געפילט אַפילו די רעכטע סאָציאַליסטן מצד די פיל אונטערשטיצער פון פאַרשיידענע זעלבסטפאַרוואַלטונגס־פאָרמען פון דער אינדוסטריע, — אַ דרוק, וועלכער איז געוואָרן באַזונדערס שטאַרק אינעם פּעריאָד פון באַלד נאָך דער מלחמה“.

אסתר ווילענסקאַ

# דער סאָציאַליסטישער און קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע

די פאַרבעסערונג פון דער לאַגע פון פיל פעלקער, וועלכע זענען גע־וואָען אונטעריאָכט דער פרעמדער מאַכט אין פעריאָד פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז געוועזן אַן אָביעקט פון פּאָליטישן קאַמף אי פון סאָ־ציאַליסטישן רעסטאַווירטן אינטערנאַציאָנאַל, אי מצד דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. אָבער יעדער איינער פון די אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַני־זאַציעס האָט געפירט אַ פּאָליטישן קאַמף פאַר וועזנטלעך אַנדערע ענדע־רונגען אויף דעם געביט. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען אין די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע לענדער — בריטאַניע, פראַנקרייך, האָלאַנד און בעלגיע — וועלכע זענען געווען אַנגעשלאָסן אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל — האָבן דערקלערט, אַז זיי שטיצן אויסבעסערונגען אין דער לאַגע פון די קאָלאָניאַלע פעלקער אויפן עקאָנאָמישן און קולטור־געביט, ווי אויך אַ געוויסע באַגרענעצטע פאָרעם פון זעלבסטבאַשטימונג. אָבער זיי האָבן פאָרמולירט זייער פּאָליטיק אין די ראַמען פון המשך פון דער קאָלאָניאַ־לער הערשאַפט פון זייערע רעגירונגען אין די דאָזיקע קאָלאָניעס.

אין בולטן קעגנזאַץ צו דער דאָזיקער שטעלונג, האָבן די קאָמוניסטישע פּאַרטייען געפאָדערט צו באַפרייען די קאָלאָניעס פון פרעמדן יאָך און פולע פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט פאַר אַלע אונטערדריקטע און אָפּהענגיקע פעלקער.

די אונטערשיידן צווישן די שטעלונגען פון די סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע פּאַרטייען זענען אַרויסגעדרונגען פון דער מיינונגס־פאַר־שידנקייט אינעם גרונט־צוגאַנג צום קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם ווי אויך צו די פּערספּעקטיוון פון איר אַנטוויקלונג אין דער צוקונפט.

דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל האָט געזען אַ מעגלעכקייט פונעם ווייטערדיקן קיום פון קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם און געשטרעבט גע־זונט צו מאַכן די באַציִונגען צווישן די רעגירונגען אין דער מעטראָפּאָליע און צווישן די אָפּהענגיקע פעלקער, איבערלאָזנדיק זיי אין די ראַמען פון דער קאָלאָניאַלער הערשאַפט.

אין קעגנזאַץ צו דעם, איז דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל אַרויסגע־

גאַנגען פונעם שטאַנדפּונקט, אַז צווישן דער אימפּעריאַליסטישער הערשאַפט און צווישן די אונטערדריקטע פעלקער הערשט אַן אַנטאַגאַניזם, וועלכן ס'איז אוממעגלעך צו לייזן און ער האָט קאַטעגאָריש געפאָדערט די פול־שטענדיקע אַנערקענונג פון זייערע רעכט צו פּאָליטישער זעלבסט־באַשטימונג ביז צום אָפּרייסן זיך.

די אַנטוויקלונג אין דער שטעלונג צו דעם פּראָבלעם אינערהאַלב דער אַרבעטער־באַוועגונג אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד קען דינען פאַר אַ ביישפּיל אין וועלכער ריכטונג ס'איז אויספאָרמירט געוואָרן די ענדערונג און אונטערשיידן צווישן די שטעלונגען פון די סאָציאַליסטישע און די קאָמוניסטישע פּאַרטייען.

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, מיט זשאַן זשאָרעס אַלס טאָנגעבער, געשטיצט די שטרעבונגען פון די קאָלאָניאַלע פעלקער פאַר נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט. אָבער נאָך דער שפּאַלטונג, אין גאַנג פון וועלכער די קאָמוניסטן האָבן באַקומען אַ מערהייט, האָט זיך אין דער פראַגע אַנטוויקלט אַ קעגנזאַץ צווישן די שטעלונגען פון די סאָציאַליסטישע און די קאָמוניסטישע פּאַרטייען.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט געפאָדערט אַ ליבעראַלע פּאָליטיק, אַ מער פּראָגרעסיווע, לגבי די פעלקער פון אַפריקע, אין די ראַמען פון דער פראַנצויזישער הערשאַפט. אין דער זעלבער צייט האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי געשטיצט די פולע אומאָפּהענגיקייט פאַר די קאָלאָניעס. דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער דייטשישער פירער, דער רייכס־פּרעמיער שיידעמאַן, האָט דערקלערט אויף דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אין ווייטמאַר (דעם 13טן פעברואַר 1919) אַז איינע פון די פּרינציפּן אין דער אויסערן־פּאָליטיק איז רעסטאַווירן דאָס דייטשישע קאָלאָניאַלע סיסטעם נאָך דער מפּלה פון דייטשישן אימפּעריאַליזם אין דער וועלט־מלחמה. די דערקלערונג איז אַ כאַראַקטעריסטישער ביישפּיל פאַר דער שטיצע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פירערשאַפט אין דער פאָרזעצונג פון דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק פון דער בורזשואַזיע.

אַרויסגייענדיק פון שטאַנדפּונקט, אַז דער דעצידירנדיקער קעגנזאַץ אין דער נייער עפּאָכע איז צווישן אימפּעריאַליזם און סאָציאַליזם, האָט דער קאָמאינטערן באַטראַכט דעם קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייונג פאַר אַ טייל פונעם אַלגעמיינעם קאַמף קעגן אימפּעריאַליזם. דערפאַר האָט ער באַצייכנט די נאַציאָנאַלע באַפרייונג ווי אַן אומצעטיילבאַרע קייט פון דעם אַלוועלטלעכן קאַמף פאַרן סאָציאַליזם.

אין דער צייט ווען די קאָנצעפּציע פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל איז געווען שטרעבן אויסצובעסערן די לאַגע פון די אָפּהענגיקע פעלקער צוזאַמען מיטן המשך פון דער פּאָליטישער און מיליטערישער הערשאַפט אין די קאָלאָניעס, האָט דער קאָמאינטערן אויספאָרמירט די טעאָריע פון געמיינזאַמען קאַמף פונעם אַרבעטער־קלאַס אין די מעטראָפּאָליעס און פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג אין די קאָלאָניאַלע און אָפּהענגיקע לענדער.

די גענויע אויסאַרבעטונג פון די פּרינציפּן פון דער סטראַטעגיע און טאַקטיק לגבי די אונטערדריקטע פעלקער האָט אויסגעדריקט די גרויסע וויכטיקייט, וועלכע דער קאָמאינטערן האָט צוגעשריבן צו דער וואָג פון די קאָלאָניאַלע פעלקער אינעם קאַמף פאַר דער אָפּשאַפונג פון דער אימפּעריאַ־ליסטישער הערשאַפט.

דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון קאָמאינטערן האָט אויסגעאַרבעט די קאָנצעפּציע לויט וועלכער דער אַרבעטער־קלאַס אין די מעטראָפּאָליעס איז מחויב צו שטיצן די נאַציאָנאַלע באַפרייונגס־באַוועגונג אין דער מאָס ווי זי איז געווענדט קעגן אימפּעריאַליזם און מיטן תנאַי פון אָפּהיטן די אָרגאַניזאַציאָנעלע און אידעאָלאָגישע אָפּהענגיקייט פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען. צוזאַמען מיטן אונטערשטרייכן די וויכטיקייט, אַז קאָמוניסטן זאָלן שליסן אַ צייטווייליקן הסכם מיט די דעמאָקראַטיש־בורזשואַזע אַנטי־אימפּעריאַליסטישע כּוחות אין די קאָלאָניעס, האָט דער קאָמאינטערן באַ־שלאָסן אַ שטרענגע רעזערווירטקייט מצד די קאָמוניסטישע פּאַרטייען, ד״ה: נישט צוזאַמענגיסן זיך מיט די דאָזיקע כּוחות אין פאַרלויף פון דער צוזאַ־מענאַרבעט מיט זיי אין די ראַמען פונעם אַנטיאימפּעריאַליסטישן נאַציאָנאַלן פראָנט, נאָר איינהאַלטן די אומאָפּהענגיקייט.

אויפן צווייטן קאָמאינטערן־צוזאַמענפאָר האָט זיך געפירט אַ דיסקוסיע צווישן דעם אינדישן קאָמוניסט רוי און לענין וועגן אונטערשטרייכן דעם באַדייט פון דער רעוואָלוציע אין אַזיע און איר געוויכט פאַרן דערפאָלג פונעם אַרבעטער־קלאַס אין די מעטראָפּאָליעס. די דאָזיקע אונטערשטרייכונג האָט זיך באַזירט אויף דער מיינונג, אַז די בורזשואַזיע אין די קאַפּיטאַליס־טישע לענדער איז אין שטאַנד צו האַמעווען די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע דורך געבן אַ העכערן לוין און אַן אַלגעמיינעם העכערן לעבנס־סטאַנדאַרט אויפן חשבון פון די פּראָפיטן, וועלכע זי באַקומט פון די קאָלאָניעס. פון דעם אויסגאַנגס־פּונקט האָט לענין אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז די אייראָ־

פּעזישע רעוואָלוציע איז אָפּהענגיק פון דער באַפרייונג פון די אַזיאַטישע לענדער פונעם אימפּעריאַליסטיש-אייראָפּעיִשן יאָך.

די פאַרבינדונג צווישן דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער-באַוועגונג פון די מעטראָפּאָליעס און צווישן דער נאַציאָנאַלער באַפרייונגס-באַוועגונג אין די קאָלאָניעס, כדי צו פירן אַ פּאַראַלעלן רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַרן אָפּשאַפן די מאַכט פון די באַדן-אייגנטימער און פון דער בורזשואַזיע, קעגן פעאָדאַליזם אין די אָפּגעשטאַנענע לענדער און פאַר אָפּשאַפן דעם קאַ-פּיטאַליזם אין די אַנטוויקלטע לענדער — איז געווען אַ דעצידירנדיקער פאַקטאָר פאַרן צוזאַמענבינדן די דאָזיקע צוויי קאַמפן און דעם דערפאָלג פון יעדן איינעם פון זיי. דער קאָמאינטערן האָט אָנערקענט די אַבסאָלוטע רעכט פון די אונטערדריקטע פעלקער צו זעלבסטבאַשטימונג ביז צו אָפּרייסן זיך, אָבער די שטיצע פון די קאָמוניסטן אין דער בורזשואַז-דעמאָקראַטישער באַוועגונג פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייונג אין די אָפּגעשטאַנענע לענדער איז ניט געווען אָן באַדינגונגען, נאָר איז געגעבן געוואָרן אין דער מאָס, אין וועלכער די דאָזיקע באַוועגונג איז געווענדט קעגן אימפּעריאַליזם און קעמפט פאַר נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט. אַזאַ שטיצע דאַרף ניט געגעבן ווערן ווען די באַוועגונג ווענדט זיך קעגן די נאַציאָנאַלע רעכט פון אַן אַנ-דער פאָלק. אַ צייטווייליקע צוזאַמענאַרבעט צווישן דער קאָמוניסטישער באַ-וועגונג און צווישן דער נאַציאָנאַלער דעמאָקראַטישער באַוועגונג אין די קאָלאָניעס דאַרף געשמידט ווערן ניט דורך ליקווידירן די אומאָפּהענגיקייט פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, נאָר דורך איר פולער אָפּהיטונג.

דער כאַראַקטער פון דער צוזאַמענאַרבעט צווישן דער קאָמוניסטישער באַוועגונג און צווישן דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג אין די אָפּהענגיקע לענ-דער הענגט אָפּ פון דעם וואָס פאַרא קלאַס ס'איז דער טרעגער פונעם קאַמף פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון די קאָלאָניאַלע פעלקער.

אין די קאָלאָניאַלע לענדער האָבן זיך אַנטוויקלט צוויי פאַרשידענע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען. איינע — אַ בורזשואַז-דעמאָקראַטישע נאַציאָ-נאַלע באַוועגונג, וועלכע שטרעבט צו פּאָליטישער אומאָפּהענגיקייט אין די ראַמען פונעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם אין איר לאַנד. די צווייטע — איז אַ באַוועגונג פון ערדלאָזע פּויערים, וועלכע קעמפן פאַר באַדן. אין אָנבליק פון דער אַנטוויקלונג איז דער קאָמאינטערן אַרויסגעטראָטן קעגן דעם פּרווו אונטערצואָרדענען דעם צווייטן טיפּ פון דער נאַציאָנאַלער באַווע-גונג צום ערשטן. די רעוואָלוציע אין די קאָלאָניאַלע לענדער וועט זיין

קודם־כּל אַן אַלגעמיין־דעמאָקראַטישע, באַגלייט מיט צעטיילן דעם באָדן צווישן ערדלאָזע פּויערים און אָפּשאַפן די רעשטן פונעם פעאָדאַלן סיסטעם.

די אויפוואַכונג פון די אונטערדריקטע פעלקער אין אַזיע און אַפריקע צום קאַמף פאַר דער נאַציאָנאַלער באַפרייונג האָט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה באַקומען אַ גרויסן שווונג אין רעזולטאַט פון זיג פון דער אָקטאָ־בער־רעוואָלוציע, וועלכע האָט אָנערקענט די רעכט פון זעלבסטבאַשטימונג פון אַלע אונטעריאָכטע פעלקער אין דער צאַרישער אימפּעריע.

## דער מהות פון די באַציִונגען אין דער אינטערנאַ־ציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פון קאָמאינטערן און סאָצאינטערן

דער מהות פון די קעגנזייטיקע באַציִונגען צווישן די קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין פאַרשיידענע לענדער און צווישן דער צענטראַלער אָנפירונג פון קאָמאינטערן איז געווען אַבסאָלוט אַנדערש אין פאַרגלייך צו די באַציִונגען צווישן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און צווישן דער צענטראַ־לער פירערשאַפט פון רעסטאַווּרירטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. די אונטערשיידן זענען אַרויסגעדרונגען פון צוויי פאַרשיידענע קאָנצעפּציעס וועגן דעם צוזאַמענהאַנג צווישן דעם נאַציאָנאַלן און אינטערנאַציאָנאַלן עלעמענט אין דער אַלגעמיינער פּאָליטיק.

דער קאָמאינטערן האָט באַזירט זיינע פאַרבינדונגען מיט די לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס אויפן יסוד פון שטרענגער דיסציפּלין פון יעדער פּאַרטיי צו די באַשלוסן פון דער צענטראַלער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער באַ־וועגונג. אין קעגנזאַץ צו דעם איז אינעם סטאַטוט פון סאָציאַליסטישן אינ־טערנאַציאָנאַל געזאָגט געוואָרן, אַז ער שטעלט פאָר מיט זיך אַ פעדעראַציע פון נאַציאָנאַלע סעקציעס און אַז דער צוזאַמענפאָר אָנערקענט די רעכט פון די נאַציאָנאַלע סעקציעס אויף אויטאָנאָמיע און אומאָפּהענגיקייט.

די פאַרפליכטונג פון שטרענגער דיסציפּלין פון די קאָמוניסטישע לאָ־קאַלע פּאַרטייען צו די באַשלוסן פונעם קאָמאינטערנס עקזעקוטיוו־קאָמיטעט איז אויספאָרמירט געוואָרן אַלס טייל פון די אָנשטרענגונגען אָפּצושטויסן די מיליטערישע אינטערווענץ פון 14 קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען קעגן דער סאָוויעטישער רעפּובליק. די סאָוויעטישע רעפּובליק איז געווען די

ערשטע סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע, וועלכע האָט מצליח געווען ניט נאָר אָפּשאַפן דעם אַלטן רעזשים, נאָר אויך איינהאַלטן און אָנהייבן בויען דעם נייעם רעזשים. די אַריינמישונג פון דעם קאָמאינטערן אין פאַרשיידענע אינערלעכע פּראָבלעמען פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען איז געווען אַן אויסדרוק פון דער קאָנצעפּציע וועגן אונטעראָרדענען דעם נאַציאָנאַלן אינ־טערעס דעם אינטערנאַציאָנאַלן אינטערעס פון פאַרשנעלערן די סאָציאַ־ליסטישע רעוואָלוציע. די דאָזיקע קאָנצעפּציע האָט באַטראַכט דעם נאַ־ציאָנאַלן אינטערעס פון יעדן פאָלק באַזונדער און דעם אינטערנאַציאָנאַלן אינטערעס פון אַלע פעלקער ווי פולקאָם אידענטיש, סטאַביל און אויטאָ־מאַטיש.

איינער פון די גרונטפּרינציפּן פונעם קאָמאינטערן איז געווען, אַז נאָך דעם ווי דער קאַפּיטאַליזם האָט אַריינגעוואָרפן די פעלקער אין אַ וועלט־שריפה, איז די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע אינעם וועלט־מאַסשטאַב זייער נאָענט און דער קלאַסנקאַמף אין די קאַפּיטאַליסטישע מדינות אַנט־וויקלט זיך אין אַ בירגער־קריג. אַזעלכע גראַנדיעזע און נייע אַנטוויק־לונגען, וועלכע דער קאָמאינטערן האָט פאָרויסגעזען אין דער נאָענטסטער תקופה האָבן געפאָדערט די פּלאַנירונג און די פירערשאַפט פון אַ רעוואָלו־ציאָנערן אינטערנאַציאָנאַלן פאַקטאָר. פון דעם אַנאַליז וועגן דער אַנטוויק־לונגס־ריכטונג איז אַרויסגעדרונגען דער אויספיר פונעם עקזעקוטיוו־קאָ־מיטעט פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל, אַז ער באַטראַכט זיך פאַר דער אינ־טערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציאָנערער קאָמענדאַטור, אויף אָנצופירן דעם קאַמף פון די אַרבעטער פון דער גאָרער וועלט צו פאַרבייטן די קאַפּיטאַ־ליסטישע אָרדענונג אויף אַ סאָציאַליסטישער.

דער פּראָגנאָז פונעם קאָמאינטערן, אַז די סאָציאַליסטישע וועלט־רע־וואָלוציע שטייט ביים טויער, האָט דערפירט צום אויספיר וועגן דער נויט־ווענדיקייט פון אינטערעסירן זיך מיט דער אַרבעט פון די אָנגעשלאָסענע לאָקאַלע פּאַרטייען און באַצייכענען דאָס ווי לעבנסוויכטיקע הילף פון אַ דערפאַרענעם צענטראַלן קאָלעקטיוו צו די לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס, וועל־כע געפינען זיך נאָך ביים אָנהייב פון זייער וועג אָן אַ גענוגנדיקער דער־פאַרונג — בעת די רעאַקציאָנערע כוחות גרייפן אָן פאַראייניקט, מיט זייער פולער קראַפט.

די פאָדערונג פאַר אַ פולן הסכם צו די 21 פּראָגראַמאַטישע פּונקטן ווי אַ תנאי אָנגענומען צו ווערן אין דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, איז פאָר־מולירט געוואָרן אויפן צווייטן צוזאַמענפאָר פונעם קאָמאינטערן. צווישן די

21 פונקטן איז געווען אויך די פליכט אַרויסצוזאָגן זיך פאַר דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט אינעם איבערגאַנגס־פּעריאָד צו דער קלאַסנלאָזער געזעלשאַפט. די פאָדערונג האָט זיך באַזירט אויף דער קאָנצעפּציע צו בויען אַ רעוואָלוציאָנערן אַוואַנגאַרד, צו באַהאַנדלען יעדן טייל פון שטאַנדפּונקט פון זיין אונטעראָרדענען זיך דעם גאַנצן, דאָס הייסט דעם קאַמף פאַרן זיג פון דער אַלוועלטלעכער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. דאָס סיסטעם צו באַשטימען די לאָקאַלע צוזאַמענפאָרן נאָך די אַלוועלטלעכע צוזאַמענפאָרן פון קאָמאינטערן האָט געצילט איבערצופירן שנעל און פּערזענלעך די אינטערנאַציאָנאַלע באַשלוסן צו די אָנגעשלאָסענע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס. דאָס דאָזיקע סיסטעם דרינגט אַרויס פונעם אונטערשטרייכן די אָנפירנדיקע אויפגאַבע פון דער וועלט־אָרגאַניזאַציע לגבי די באַשלוסן פון יעדער איינצלנער פּאַרטיי אין איר לאַנד.

די אויספאָרמירונג פון די באַציִונגען צווישן קאָמאינטערן און די אָנגעשלאָסענע לאָקאַלע פּאַרטייען אין גייסט פון זייער פּאַקטישן אונטערוואַרפן זיך די צענטראַלע באַשלוסן, איז אין דער ערשטער צייט באַטראַכט געוואָרן ווי אַ נאַטירלעכע דערשיינונג. אָבער אין לויף פון דער צייט האָט דאָס דאָזיקע אונטערוואַרפן זיך אַרויסגערופן קריזיסן. די קריזיסן האָבן זיך אַנטוויקלט ווען ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ קעגנזאַץ צווישן די באַשלוסן פון די לאָקאַלע פּאַרטייען און צווישן דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַלן צענטער. איינער פון די צענטראַלע געשעענישן צוליב וועלכער ס'האָט זיך געשאַפן אַ קעגנזאַץ אין די אָפּשאַצונגען פון פאַרשיידענע קאָמוניסטישע פּאַרטייען און צווישן דעם קאָמאינטערן — איז געווען דער כאַראַקטער פון צווייטן וועלטקריג אין זיין ערשטן פּעריאָד. אין קעגנזאַץ צו דער אָפּשאַצונג פון קאָמאינטערן אין סעפּטעמבער 1939, אַז די מלחמה איז אַן אימפּעריאַליסטישע פון ביידע צדדים, איז די שטעלונג פון די פּוילישע קאָמוניסטן, וועמענס לאַנד ס'איז אָנגעגריפן געוואָרן דורך דעם דייטשישן פאַשיזם, געווען, אַז פּוילן איז אַ קרבן פון אַן אַגרעסיוון קריג. זייער אויספיר איז געווען, אַז דער חוב פון אַלע קאָמוניסטן ווי אויך פון אַלע אַנדערע פּאַטריאָטן איז צו פאַרטיידיקן זיך קעגן דער אַגרעסיע. אַן ענלעכע שטעלונג האָבן אויך אָנגענומען אַנדערע קאָמוניסטישע פּאַרטייען, און צווישן זיי — די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין ארץ־ישראל.

מיט דער אַנטוויקלונג פון די רעוואָלוציאָנערע כּוחות אין פיל לענדער איז קלאָר געוואָרן, אַז אין דעם קאַמף פאַר אומאָפּהענגיקייט, שלום, דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם איז נויטווענדיק צו נעמען אין באַטראַכט דעם

מאַקסימום ספּעציפישע באַדינגונגען אין יעדן לאַנד. די אויפגאַבע פון יעדער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז אָנצופירן איר טעטיקייט אומאָפּהענגיק און אין דער זעלבער צייט אויסדריקן סאָלידאַריטעט אין אַלגעמיינע יסודות־דיקע ענינים מיט דער רעוואָלוציאָנערער וועלט־באַוועגונג.

## דער קאַמף פאַר אַ געאייניקטן פראָנט קעגן דעם פאַשיסטישן פוטש אין איטאַליע

נאָך דער דערקלערונג פון די איטאַליענישע פאַשיסטן וועגן דער מאָ־ביליזאַציע פון זייערע מיטגלידער דעם 27סטן אָקטאָבער 1922 איז געקו־מען דער מיליטערישער מאַרש אויף רוים, וואָס איז אַרויס פונעם צוזאַ־מענפאָר פון דער פאַשיסטישער פּאַרטיי אין נעאַפּאָלי דעם 28סטן אָקטאָבער 1922. דאָס האָט געבראַכט צו דער דעמיסיע פון פּרעמיער פאַקט און צום שאַפן דורך מוסאָליני די נייע רעגירונג. די באַגריסונג און די שטיצע, וועלכע זענען איבערגעגעבן געוואָרן דעם 31סטן אָקטאָבער דער מוסאָליני־רעגירונג דורך דער קאָנפעדעראַציע פון די איטאַליענישע אינדוסטריעלער, האָבן אויסגעדריקט די צוזאַמענאַרבעט פון די פאַשיסטישע כוחות מיטן גרויס־קאַפּיטאַל.

דאָס איינפירן אַן אָפענע פאַשיסטישע דיקטאַטור איז באַגלייט געוואָרן מיט דער פּראָפּאַגאַנדע וועגן דער נאַטירלעכקייט און לעבנסוויכטיקייט פון צוזאַמענאַרבעט צווישן די אַרבעטס־געבער און די אַרבעטער. די מו־סאָליני־דיקטאַטור האָט געבראַכט מיט זיך אַ טעראָר־אָפענסיווע אויף די אָרגאַניזאַציעס פון אַרבעטער־קלאַס און אויף די רעכט פון די אַרבעטנדיקע. זי האָט דערוועקט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג דאָס געפיל פון געפאַר ניט נאָר פאַר די פּראָפעסיאָנעלע דערגרייכונגען פון די אַרבעטנדיקע, נאָר אויך פאַר די אַלגעמיינע דעמאָקראַטישע רעכט און פאַרן שלום.

דער 4טער קאָמאינטערן־צוזאַמענפאָר, אין נאָוועמבער 1922, עטלעכע וואָכן נאָך דער מאַכט־דעראָבערונג פון מוסאָליני אין איטאַליע, האָט באַ־צייכנט דעם איטאַליענישן פאַשיזם אַלס קלאַסישן פאַשיזם, ווײַמענס געפאַר באַגרענעצט זיך ניט בלויז פאַר די רעוואָלוציאָנערע כוחות, נאָר ער שטעלט פאַר דעם לעצטן אינסטרומענט פון קאַפּיטאַליסטישן־קלאַס קעגן אַרבעטער־קלאַס און קעגן די יסודות פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע.

דער פערטער קאָמאינטערן־צוזאַמענפאָר האָט אַרויסגעוויזן אַ וויכטיקע

איניציאַטיוו מיט זיין רוף צו אַ געאייניקטן פראָנט פונעם אַרבעטער־קלאַס קעגן פאַשיזם ווי אויך צו געמיינזאַמע אַקציעס פון אַלע טיילן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אויף אָפּצושטויסן דעם פאַשיזם. צווישן די שטערונגען אויפן וועג צו אָט דער גרויסער אידעע זענען געווען אי די קעגנערשאַפט פון די סאָציאַליסטישע פירער צו אַזאַ פראָנט ווי אויך דאָס באַצייכענען פון קאָמאינטערן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן ווי סאָציאַל־פאַררעטער. דאָס דע־פינירן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן אַלס פאַררעטער פון די אַרבעטער־אינטערעסן איז געווען אַ פאַראַלגעמיינערונג, ניט אין הסכם מיט דער ווירקלעכקייט, צוליבן פעלן פון אַ דיפערענציאַציע צווישן טיילן פון די סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישע פירער און צווישן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־מאַסן, וועלכע זענען אויך געווען שווער עקספּלואַטירט דורך דער גרויס־בורזשואַזיע און ספּעציעל דורך דעם פאַשיסטישן רעזשים און אָביעקטיוו האָבן זיי זיך געניייטיקט אין אַ פאַראייניקטן פראָנט כדי צו צעשמעטערן דעם פאַשיזם.

די איטאַליענישע פאַשיסטן האָבן געלערנט פון דער דערפאַרונג ביים דורכפאַל פונעם קאַפּ־פוטש אין בערלין (מערץ 1920) און האָבן אָנגעגריפן רוים מיט אַ גרויסער קראַפט, אומדערוואַרט, אָרגאַניזירנדיק „ווייסע גוואַר־דיעס" קעגן די רעוואָלוציאָנערע כוחות פונעם אַרבעטער־קלאַס. דער אָנ־גריף איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין ענגער צוזאַמענאַרבעט מיט די קרייזן, וועלכע שטייען נאָענט צו דער מאַכט, צום מלוכה־הויף, צום וואַטיקאַן און צו דער אינדוסטריעלער־אָרגאַניזאַציע.

די דערפאַרונג וועלכע דער אַרבעטער־קלאַס האָט אָנגעזאַמלט אין די טעג פונעם אַלגעמיינעם שטרייק אין בערלין, אין מערץ 1920, האָט דער־וויזן, אַז ס'איז מעגלעך אָפּצושטויסן די רעאַקציאָנערע מיליטערישע איבער־קערעניש פון קאַפּ־ליטוויץ מיט געאייניקטע קרעפטן פון אַרבעטער־קלאַס — די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, די אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. אָבער אַזאַ גרויסע מאָס פון צוזאַמענאַרבעט קעגן פאַשיזם איז ניט פאַר־ווירקלעכט געוואָרן אין דער איטאַליענישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אָק־טאָבער 1922.

די פאַשיסטישע איבערקערעניש איז געקומען נאָך דעם ווי די אַרבע־טער האָבן פאַרכאַפּט די פאַבריקן אין סעפּטעמבער 1920. דאָס פאַרנעמען די פאַבריקן איז געווען אַן ענטפער אויפן לאָקאַוט פון די אונטערנעמער אין דער מעטאַל־אינדוסטריע. אין דער זעלבער צייט האָבן אָרעמע פויערים אָנגעהויבן קאָנפיסקירן דעם באָדן פון די רייכע גרונט־אייגנטימער און

צעטיילן צווישן זיך די ערד. די אינדוסטריעלער און די ערד־אייגנטימער האָבן אָנגעהויבן אויפשטעלן באַוואָפנטע אָפּטיילונגען. צו דעם צוועק האָבן זיי פינאַנסירט, פון סוף 1920, די פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זע־נען געגרינדעט געוואָרן דורך מוסאָלינין אין מערץ 1919, אין מילאַנאָ.

דער פאַשיסטישער פּוטש האָט זיך אָנגעהויבן אַלס מיליטערישע אָפענ־סיווע קעגן דער אַרבעטער־באַוועגונג מיטן אויסרייד פון „קאַמף קעגן באָלשעוויזם". אָבער די אָפענסיווע האָט זיך שנעל אַנטוויקלט אין אַ קאַמף קעגן פּאַרלאַמענט און קעגן אַלע דעמאָקראַטישע דערגרייכונגען.

די יורידישע מעטאָדן צו אונטערדריקן דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון די אַרבעטנדיקע זענען ניט געווען גענוגנדיק פאַר דער איטאַליענישער בורזשואַזיע. דערפאַר האָט זי אָנגעהויבן אָנווענדן טעראָר־מעטאָדן. זי האָט אויפגעשטעלט ספּעציעלע באַוואָפנטע אָפּטיילונגען, כּדי אָרגאַניזירן גוואַלדטאַטן קעגן אַרבעטער־קלאַס, וועלכער האָט געקעמפט פאַרן אויס־בעסערן זיינע אַרבעטס־באַדינגונגען און דעם אַרבעטס־לוין. די גרויס־בורזשואַזיע איז איבערגעגאַנגען צו אַן אָפענער דיקטאַטור — מיטן מאָרד פונעם סאָציאַליסטישן פירער מאַטעאָטי, דעם 10טן יוני 1924, דורך די פאַשיסטן.

פון דער פאַשיסטישער איבערקערעניש אין איטאַליע איז געווען צו זען, אַז די גרויס־בורזשואַזיע, וועלכע האָט דורות־לאַנג אויספּאַרמירט דאָס דעמאָקראַטישע סיסטעם, האָט מיט אירע אייגענע הענט חרוב געמאַכט די דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס און איינגעפירט געוואַלדטאַט אינעם גע־זעלשאַפטלעכן לעבן.

די רעאַגירונג פון די פּאַרטייען פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל אויף דער געפאַר פון דער פאַשיסטישער מאַכט־פאַרכאַפּונג איז געווען אַ רוף צו אַ קאָאַליציע צווישן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און צווישן דער בורזשואַזיע. די דאָזיקע פּאָליטיק האָט איגנאָרירט דעם פאַקט, אַז דווקא די בורזשואַזיע שטיצט דעם פאַשיסטישן פּוטש. זי האָט בכלל ניט גענומען אין באַטראַכט די מעגלעכקייט און די פּערספּעקטיוו, אַז די איי־ניקייט פון אַרבעטער־קלאַס קען שאַפן דעם אינעווייניקסטן געזעלשאַפט־לעכן כּוח, וועלכער איז פעיִק צו צעשמעטערן דעם פאַשיזם.

גלייכצייטיק אין דער פּערספּעקטיוו, האָט דער קאָמאינטערן אָנגעהויבן רופן צו אַן איינהייטס־פראָנט פון אַלע אַרבעטער־פּאַרטייען אויפן געביט פון פּראָפעסיאָנעלן קאַמף, ווי אויך אין דער פּאָליטישער אַקטיוויטעט קעגן גרויס־קאַפּיטאַל און פאַשיזם. פאַרן געזעלשאַפטלעכן טרעגער פונעם איינ־

הייטס־פראָנט האָט דער קאָמאַינטערן באַטראַכט די אַקציע־קאָמיטעטן ווי אויך אַלע אַנדערע אויסגעוויילטע אַרבעטער־אינסטאַנצן, ווו ס׳האָט זיך פאַרווירקלעכט אַ טאָג־טעגלעכע דערנענטערונג צווישן מיטגלידער פון פאַרשיידענע אַרבעטער־פּאַרטייען ווי אויך אַ צוזאַמענאַרבעט צווישן די פירערשאַפטן פון די אַרבעטער־פּאַרטייען.

די פּאָליטיק פונעם איינהייטס־פראָנט איז אויסגעאַרבעט געוואָרן ניט אַלס וואַל־טריק און זי האָט זיך ניט באַגרענעצט בלויז צו דערגרייכן אַן עלעקטאָראַלן ציל. איר שטרעבונג איז געווען אַ לענגערע צוזאַמענאַרבעט מיטן ציל צו פאַרטיידיקן די דעמאָקראַטיע, צו אַנטוואָפענען די פאַשיסטישע און אַנדערע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, אויפצושטעלן אַן אַרבעטער־קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע, אַריבערפירן די שטייערן־לאַסט אויף די פּלייצעס פון די רייכע, צעשמעטערן די פאַשיסטישע כוחות און דערנענטערן דעם סאָציאַליזם.

## די באַוועגונג צו פאַראייניקן די אינטערנאַציאָנאַלן

די אידעאָלאָגישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע קאָנסאָלידאַציע פוןביידע גרונט־שטרעמונגען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג, דער רעוויזיאָניסטישער און דער רעוואָלוציאָנערער, אין צוויי באַזונדערע אינ־טערנאַציאָנאַלן (דער צוזאַמענטרעף אין בערן, פעברואַר 1919 און דער מאָסקווער צוזאַמענפאָר, מערץ 1919) האָט ניט באַזייטיקט די שטרעבונג צו אַ געמיינזאַמער אַקציע פון אַלע טיילן פונעם אַרבעטער־קלאַס אין לאָ־קאַלן און אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב. די דאָזיקע שטרעבונג האָט זיך אויסגעדריקט אין פאַקטישע געמיינזאַמע אַקציעס אין פאַרשיידענע לענ־דער, ווי צום ביישפּיל די סאָלידאַריטעט־אַקציעס אין ענגלאַנד און פראַנק־רייך, די פאַראייניקונג פון די סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין אונגאַרן, דער אַלגעמיינער שטרייק אין בערלין קעגן דער קאַפּ־אי־בערקערעניש אאַז״וו.

בעת דער גרינדונג פונעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל האָבן זיך אויס־פאָרמירט צוויי טענדענצן. איין טענדענץ האָט זיך אויסגעדריקט אין שטיצן דאָס קאָמוניסטישע פּראָגראַם, דאָס אָננעמען די 21 פּונקטן און די פולע אָנשליסונג צום דריטן אינטערנאַציאָנאַל. אַ צווייטע טענדענץ האָט זיך אויס־

געדריקט אין אַ קריטישן צוגאַנג לגבי דער ספּעציעלער געוויכט פון דער סאָוויעטישער פאַרשטייערשאַפט אין קאָמאינטערן. די אָנהענגער פון דער טענדענץ האָבן באַטראַכט די גרינדונג פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַ־ציאָנאַל פאַר פריצייטיק און ניט גענוג רעפּרעזענטאַטיוו. דערפאַר האָבן זיי גערופן צו אַ פאַראייניקטן אינטערנאַציאָנאַל אויף אַ סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערער באַזע. די דאָזיקע טענדענץ האָבן אויסגעדריקט די אומ־אָפּהענגיקע ענגלישע אַרבעט־פּאַרטיי, די אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון דייטשלאַנד און אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. זיי האָבן באַצייכנט די אינטערנאַציאָנאַלע טרעפונגען אין בערן און מאָסקווע אַלס שלעכטער אָנהייב, ווייל זיי האָבן געשטרעבט אַז די סאָציאַליסטישע אינ־טערנאַציאָנאַלע פאַראייניקונג זאָל אויסדריקן דעם מאַקסימום מעגלעכן פאַרנעם פון אייניקייט־אַקציע פונעם אַרבעטער־קלאַס אויף אַן אידעאָ־לאָגישער רעוואָלוציאָנערער באַזע.

די דאָזיקע פאָדערונג פאַר אַ געאייניקטער אַקציע האָט אויסגעדריקט דעם ווונטש גובר צו זיין די שפּאַנונג צווישן ביידע אינטערנאַציאָנאַלע אַר־בעטער־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע איז אַרויסגעדרונגען פון דער פּאָלאַריזאַציע צווישן די שטעלונגען פון רעפאָרמיסטישן און רעוואָלוציאָנערן פליגל אין דער אַרבעטער־באַוועגונג לגבי דער ערשטער וועלט־מלחמה און לגבי די רעוואָלוציאָנערע געזעלשאַפטלעכע אַנטוויקלונגען, וועלכע זענען געקומען באַלד נאָכן קריג.

איינע פון די אויסדרוקן ווי אויך סטימולן פון דער דאָזיקער שפּאַנונג איז געווען די איינזייטיקייט פון די קעגנזייטיקע אָפּשאַצונגען, וועלכע האָבן ניט אָפּגעשפּיגלט דעם גאַנצן פאַרנעם פון די שטרעבונגען פון יעדן איינעם פון די אינטערנאַציאָנאַלן, נאָר בלויז די קריטיק־פּונקטן פון איין צד לגבי דעם צווייטן. דערביי האָט יעדער צד פאַראַלגעמיינערט די קרי־טישע אָפּשאַצונג און זי געשילדערט אַלס וועזנטלעך פאַר דעם צווייטן צד. דער סאָציאַליסטישער רעסטאַוורירטער אינטערנאַציאָנאַל האָט באַשולדיקט די קאָמוניסטישע פּאַרטייען און זייער אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע, אַז זיי שטרעבן צו באַהערשן די אַרבעטער־באַוועגונג דורך דעם וועג פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. אין דער זעלבער צייט האָט דער קאָמוניסטי־שער אינטערנאַציאָנאַל פאַרגעשטעלט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען און זייער אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע ווי פאַרשטייער פונעם בור־זשואַזן איינפלוס אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

די אָנשטרענגונגען פונעם ווינער אינטערנאַציאָנאַל צו פאַראייניקן דעם

רעפאָרמיסטישן און דעם רעוואָלוציאָנערן פליגל האָבן זיך אויסגעדריקט אין אַקטיווע באַמיִונגען גובר צו זיין דעם פּאָליטישן און אידעאָלאָגישן ריס אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. דער ווינער „בונד" איז געוואָרן פּאַקטיש אַ צוזאַמענטרעף־פּלאַץ פאַר די פּאַרטייען און פּאָליטישע גרופּן, וועלכע האָבן ניט געשטיצט די רעפאָרמיסטישע אָנשויונג, אָבער פון דער אַנדערער זייט האָבן זיי זיך באַצויגן קריטיש צו דעם קאָמאינטערן. דער ווינער „בונד" האָט זיך באַצייכנט אַלס אָרגאַניזאַציע פון סאָציאַליסטישע פּאַר־טייען, וועלכע שטרעבן צו מאַקסימום קאָנסאָלידאַציע פון די געזעלשאַפט־לעכע כוחות, וואָס שטיצןביידע טיילן פון אַרבעטער־קלאַס און די פּאַר־ווירקלעכונג פון סאָציאַליזם דורך פּאָליטישער און עקאָנאָמישער מאַכט־דעראָבערונג. די דאָזיקע שטעלונג האָט אָפּגעשפּיגלט דעם סוביעקטיוון ווונטש ווי אויך די אָביעקטיווע פּערספּעקטיוו צו אַ פּאַראייניקונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

ביים באַהאַנדלען דורכן קאָמאינטערן די פּראַגע וועגן אָרגאַניזירן אַ צוזאַמענפּאַר פון די דריי אינטערנאַציאָנאַלן אין יאָר 1922 (דעם סאָציאַ־ליסטישן, דעם קאָמוניסטישן און דעם צענטריסטישן), איז רעזומירט גע־וואָרן די גרונט־שטעלונג צו אַקציע־אייניקייט אַלס פּרינציפּיעלע און שטענדיקע שטעלונג און ניט אַלס פאַרבייגייענדיקע טאַקטיק. ס'איז אויך קריטיקירט און אָפּגעשאַפן געוואָרן די דעפיניציע וועלכע שרייבט צו די סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין אַן אַלגעמיינער פאָרעם דאָס דינען דעם בורזשואַזן קלאַסן־אינטערעס.

לעניִנס פאָרשלאָג צו ענדערן די שטעלונג, וואָס באַצייכנט די פירער פון צווייטן און פון „צוויי און אַ האַלבן" אינטערנאַציאָנאַל אַלס אַגענטן פון דער וועלט־בורזשואַזיע, איז געווען איינע פון די שריט אין דער ריכ־טונג פון צוריקשטעלן די קעגנזייטיקע באַציִונגען פון ביידע שטרעמונגען אויפן גרונט פון זאַכלעכע אָפּשאַצונגען און באַזירן די קעגנזייטיקע קריטיק אויף אַ ראַציאָנאַלער און פּאַקטישער באַזע.

דער עצם צוזאַמענקום פון די פאָרשטייער פון די דריי אינטערנאַ־ציאָנאַלן (אַפּריל 1922) איז געווען אַ וויכטיקער שריט אין דער ריכטונג פון צוזאַמענאַרבעט, טראָץ דעם וואָס די פאָרשלאָגן פון די צדדים האָבן געהאַט אַ סתירותדיקן כאַראַקטער.

די פאָרשלאָגן פון די פאָרשטייער פון קאָמאינטערן זענען געווען גע־ווענדט צו דער טעמע פון געמיינזאַמען קאַמף פון דער אַרבעטער־באַווע־גונג קעגן דער אויסנוצונג פון גרויס־קאַפּיטאַל און קעגן מלחמה־געפאַר.

נאָך דער טרעפונג פון די פאָרשטייער פון די דריי אינטערנאַציאָנאַלן אין בערלין און דער צושטימונג וועגן אַקטיוויטעט פאַר אַ געאייניקטער אַקציע, זענען פאָרגעזעצט געוואָרן די אָנשטרענגונגען צו אַ ווייטערדיקן צוזאַמענטרעף. דאָס איז געקומען צום אויסדרוק צווישן אַנדערע אין דער איניציאַטיוו פון אַמסטערדאַמער פראָפעסיאָנעלן אינטערנאַציאָנאַל צו אַן אינטערנאַציאָנאַלן שלום־צוזאַמענפאָר אין דעצעמבער 1922, צו וועלכן עס זענען איינגעלאַדן געוואָרן די פאַרטייען פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, די סאָוויעטישע פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, דער ווינער אינטערנאַציאָנאַל און פאַרשיידענע פאַציפיסטישע אָרגאַניזאַציעס.

די טענדענץ צו דערמוטיקן אַ צוזאַמענאַרבעט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג האָט אָנגעהויבן פאַרנעמען אַלץ מער און מער פּלאַץ און איז געוואָרן אַן אָביעקט פאַר אידעאָלאָגישער באַגרינדונג אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג גופא.

אייניקע קאָמוניסטישע פאַרטייען האָבן זיך געהאַלטן ביי דער מיינונג, אַז איינהייטס־אַקציע איז נאָר אַ טאַקטישער שריט, מיט וועלכן ס'איז כּדאַי צו דעמאַסקירן די רעפאָרמיסטישע פירער ווי קעגנערס פון אייניקייט — אויב זיי וועלן זיך אָפּזאָגן פון צוזאַמענאַרבעט. דיסקוטירנדיק מיט דער קאָנצעפּציע, האָט זיך אָנגעהויבן אין קאָמאינטערן אַ פּראָצעס פון אויפקלערונג וועגן דעם זין פונעם באַגריף אַקציע־אייניקייט פון אַרבעטער־קלאַס. לענין האָט אַריינגעבראַכט אין דעם באַגריף אַ טיפערן אינהאַלט און באַצייכנט די צוזאַמענאַרבעט ווי אַ שטענדיקע נויטווענדיקייט פון דער מערהייט פונעם אַרבעטער־קלאַס צום עפעקטיוון קאַמף קעגן דער טאָג־טעגלעכער אויסנוצונג מצד די קאַפּיטאַליסטן, פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די פראָפעסיאָנעלע און פּאָליטישע אינטערעסן פון די אַרבעטער־מאַסן. איינע פון די גאַראַנטיעס פאַרן דערפאָלג פון אַזאַ צוזאַמענאַרבעט איז אַוועקשטעלן אַקטועלע אַרבעטער־פאָדערונגען אויפן סאָציאַל־עקאָנאָמישן און פּאָליטישן געביט ווי אַן אָביעקט פון געמיינזאַמען קאַמף פון די אַרבעטנדיקע. אַזעלכע פאָדערונגען זענען מסוגל צו פאַראייניקן אַ סך אַרבעטנדיקע, באַזייטיקן צעשפּליטערונג, אונטערשטרייכן די געמיינזאַמקייט פון יסודותדיקע קלאַסן־אינטערעסן פון די אַרבעטנדיקע אין קאַמף קעגן דער הערשאַפט פון גרויס־קאַפּיטאַל, קעגן די סאַמע רעאַקציאָנערע כּוחות, קעגן מלחמה־געפאַר און פאַר דער פּערספּעקטיוו פון שלום און סאָציאַליזם. אַ פאַראייניקטער פראָנט באַדייט ניט דאָס אָפּזאָגן זיך פון אַ זעלבשטענדיקער פּאָליטיק מצד יעדן איינעם פון די פאַקטאָרן, וועלכע אַרבעטן

צוזאַמען, און זי דאַרף ניט ברענגען צו רעזיגנירן פון קריטיק, נאָר צו אַ באַמיִונג אויסצודריקן די דאָזיקע קריטיק אין אַ פאָרעם, וואָס שטאַרקט גע־מיינזאַמע אַקציעס. פאַראייניקטער אַרבעטער־פראָנט און דאָס שאַפן פון אַן אַרבעטער־רעגירונג איז דעפינירט געוואָרן ווי איינע פון די גרונט־וועגן, אויף צו פאַרשטעלן דעם וועג פאַר די רעאַקציאָנערע געזעלשאַפטלעכע כּוחות, פאַרטיידיקן די דעמאָקראַטיע, איינשטעלן אַן 8־שעהעדיקן אַרבעטס־טאָג, אַרבעטער־קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע, דערפאָלג פון קאַמף קעגן דער געפאַר פון פאַשיזם און מלחמה, און פאַרזיכערן אַ סטאַבילן שלום.

# רעזומירונגען

די פאָליטישע אָנשויונגען וועלכע זענען געשאַפן און אַנטוויקלט געוואָרן אין ביידע אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אָנהייב 1919, האָבן אַנטהאַלטן די הויפּט־געדאַנקען, אַרום וועל־כע ס'האָט זיך אַנטוויקלט אַ קאָנפראָנטאַציע אין די לאָקאַלע פּאַרטייען, אָנ־געשלאָסענע אינעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, אויף זייער וועלט־צוזאַמענפאָרן סוף 19טן און אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט.

ווען דער זשענעווער צוזאַמענפאָר פונעם רעסטאַווּרירטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל האָט אויסגעדריקט די טענדענץ ניט צו פאַרבינדן עקאָ־נאָמישע שטרייקן מיט פּאָליטישע אַספּעקטן פון די אַרבעטער־קאַמפן, האָט ער מיט דעם פאַרגעזעצט אָביעקטיוו די קאָנצעפּציע פון דער עקאָנאָמיס־טישער שטרעמונג אין רוסלאַנד און פונעם רעפאָרמיזם אין מערב־אייראָפּע, וועלכע האָבן נעגירט די פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט פונעם אַרבעטער־קלאַס און באַגרענעצט די אַרבעטער־קאַמפן בלויז צו זייערע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פאָדערונגען.

ווען דער גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל (מערץ 1919) האָט גערופן דעם אַרבעטער־קלאַס פון דער גאָרער וועלט צו מאַסן־שטרייקן און מאַסן־דעמאָנסטראַציעס, כּדי אָפּצושאַפן דעם קאַ־פּיטאַליסטישן רעזשים, וועלכער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער וועלט־מלחמה און פאַרן שאַרפן עקאָנאָמישן קריזיס, איז עס געווען אַן אַנטוויק־לונג פון דער קאָנצעפּציע, וואָס איז פאָרמולירט געוואָרן אויף פאַרשיידענע צוזאַמענפאָרן פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל און באַזונדערס אויפן

באַזעלער צוזאַמענפאָר (1912), וועלכער האָט געוואָרנט האַרב און דייטלעך די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען, אַז אויב זיי וועלן עפענען אַ רויב־מלחמה, וועט דער אַרבעטער־קלאַס רעאַגירן אויף אַ זעלבשטענדיקן אופן — פאַר־וואַנדלען די מלחמה צווישן די פעלקער אין אַ בירגערקריג און אַרויסרופן אַ סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע.

די אידעאָלאָגישע און פּאָליטישע קעגנזאַצן האָבן זיך דיאַלעקטיש אַנטוויקלט אין צוויי פאַרפּולקאָמטע קאָנצעפּציעס, וועלכע זענען דער־גאַנגען אין אויגוסט 1914 צו אַן אָפענעם קריזיס. די שטיצע פון דער מערהייט אין דער סאָציאַליסטישער פירערשאַפט פאַר דער מלחמה, וועלכע איז באַצייכנט געוואָרן אויפן באַזעל־צוזאַמענפאָר ווי אַ רויבקריג פון די אימפּעריאַליסטישע הערשער, האָט אָפּגעשטעלט די פּאָליטישע צוזאַמענ־אַרבעט צווישן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון די קעמפנדיקע צדדים און אויף אַ געוויסער צייט דערווייטערט די האָפענונג, אַז די סאָציאַליסטן פוןביידע זייטן מלחמה־פראָנט זאָלן געפינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך. די שאַר־פע פּאָלעמיק אויפן בערן־צוזאַמענטרעף אין פעברואַר 1919 וועגן דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אַ טייל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פי־רערשאַפט פאַרן ניט פאַרמיידן די מלחמה און פאַר איר אַקטיוון שטיצן זי נאָך איר צעפלאַקערונג — לערנט אונדז אויף וויפל די באַציִונג צו דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט געמאַטערט דאָס געוויסן פון די סאָציאַליסטן און געפאָדערט אַ קלאָרן און אויסשעפּלעכן ענטפער אין הסכם מיט דער ווירקלעכקייט, וואָס זאָל קאָנען דינען ווי אַ לערע פאַר די קומענדיקע דורות.

אָבער די גרינדונג פון די צוויי באַזונדערע אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַני־זאַציעס איז ניט געווען קיין סוף־פּסוק צו דער קאָמפּליצירטער אידעאָלאָ־גישער און פּאָליטישער פּראָבלעמאַטיק, וועלכע איז געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדענונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. זי האָט אויך ניט אָפּגעשאַפן די שטרעבונג צו אַקציע־אייניקייט, כּדי צו פאַרטיידיקן די געמיינזאַמע אינ־טערעסן, און ספּעציעל, כּדי אָפּצושטויסן די געפאַר פון דער סאַמע עקס־טרעמער געזעלשאַפטלעכער רעאַקציע.

עס איז אפשר סימבאָליש דער פאַקט, אַז אין דעם זעלבן מאָנאַט מערץ 1919, ווען ס'איז פאָרגעקומען דער גרינדונג־צוזאַמענפאָר פון דריטן אינ־טערנאַציאָנאַל ווי אַן אויסערלעכער אויסדרוק פון טיפן ריס צווישן ביידע פליגל פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָבן ביידע אַרבעטער־פּאַרטייען אין אונגאַרן, די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע און די קאָמוניסטישע, באַשלאָסן זיך

צו פּאַראַייניקן אין איין אַרבעטער־פּאַרטיי און אויפשטעלן אַ רעוואָלוציאָ־נערע רעגירונג. די דאָזיקע רעגירונג האָט אָנגעהויבן פּאַרווירקלעכן סאָ־ציאַליסטישע ענדערונגען אויף אַ פרידלעכן וועג, אָן בירגערקריג און ניט אָנרירנדיק קיין מענטשלעך לעבן. די פּאַראייניקטע אַרבעט־פּאַרטיי אין אונגאַרן האָט עקזיסטירט בלויז 4½ חדשים, אָבער זי האָט דערוויזן איניציאַטיוו, שאַפונגס־קראַפט און קאָנסטרוקטיווע שריט אויפן געביט פון פאַרבעסערן די לעבנס־באַדינגונגען פון אַרבעטער־קלאַס, פּויערים־מאַסן און מיטעלע שיכטן — טראָץ דער מלחמה, וואָס האָט זיך נאָך געפירט אין יענער צייט.

די דאָזיקע אייניקייט פון אַרבעטער־קלאַס אין אונגאַרן איז פונאַנדער־געפאַלן דורך אויפשטעלן אַ בונד צווישן אַ טייל פון רעכטן פליגל פון דער אַרבעטער־פירערשאַפט מיט די סאַמע רעאַקציאָנערע גרזעלשאַפטלע־כע קרעפטן פון אינעווייניק און פון דרויסן. די אָפּשאַפונג פון די סאָציאַ־ליסטישע ענדערונגען אין אונגאַרן איז בעיקר געווען אַ רעזולטאַט פון דער מיליטערישער אינטערווענץ פון פרעמדע אַרמייען, וועלכע האָבן דער־דריקט מיט גוואַלט, מיט פייער און שווערד דעם פרייוויליקן באַשלוס פון דער מערהייט אַרבעטער אין אונגאַרן צו אַרבעטן געמיינזאַם מיט געאייניקטע כּוחות פאַרן אויפבוי פון סאָציאַליזם אין זייער לאַנד.

די געמיינזאַמע אַקציע פונעם רעפאָרמיסטישן און פונעם רעוואָלו־ציאָנערן פליגל אין דער פאָרעם פון אַ מעכטיקן אַלגעמיינעם שטרייק אין משך פון אַ וואָך צייט (פון 13טן ביזן 20סטן מערץ 1920) האָט געבראַכט צום אַראָפּוואַרפן די מיליטערישע רעאַקציאָנערע קליקע קאַפּ־ליטוויץ. דער שטרייק האָט באַוויזן, אַז טראָץ די פּאָליטישע און אידעאָלאָגישע אונטער־שיידן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, פאַרמאָגט זי אַ גרינטלעכע אינטע־רעסן־געמיינזאַמקייט פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די טאָגטעגלעכע אַרבעטער־אינטערעסן ווי אויך פאַר די דעמאָקראַטישע פרייהייטן. נאָר אַזאַ שותּפות איז געווען פעיִק צו פאַרצוימען דעם וועג דער הערשאַפט פון דער רעאַקציע.

די פּראָטעסט־באַוועגונג קעגן דער מיליטערישער אינטערווענץ פון 14 קאַפּיטאַליסטישע מדינות קעגן דער סאָוויעטישער רעפּובליק, די אָר־גאַניזירונג פון מאַטעריעלער און מיליטערישער הילף פאַר די ליידנדיקע פון דער דרויסנדיקער אינוואַזיע — זענען אויך געווען ביישפּילן פון גע־מיינזאַמער אַקציע פון דער מערהייט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער גאָרער וועלט. אַ רוף צו מאַטעריעלע הילף פאַר די אַרבעטער פון

דער סאָוויעטישער רעפּובליק האָט אויך פאַרעפנטלעכט די הסתדרות עובדים כללית אין ארץ־ישראל אין יאָר 1921.

די דערפאַרונג לערנט, אַז טראָץ דער שאַרפער שפּאַלטונג אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט די שטרעבונג צו אַקציע־אייניקייט אָנגענומען קאָנקרעטע פאָרמען און האָט זיך אַנטוויקלט צו אַ לעבעדיקערווירקלעכ־קייט, וועלכע האָט פאַרמאָגט קאַמפּס־קראַפט און כוח פאַר געזעלשאַפט־לעכער ענדערונג אי אין אָפּשטויסן די רעאַקציאָנערע כוחות, אי אין פאַרווירקלעכן געמיינזאַמע געזעלשאַפטלעכע צילן.

די באַציִונג צווישן נאַציאָנאַלן און אינטערנאַציאָנאַלן אינטערעס איז געווען איינע פון די צענטראַלע פּראָבלעמען, וועלכע האָבן געבראַכט צו אַ שאַרפער קאָנפראָנטאַציע. עס האָט זיך געשטעלט די פראַגע, צי איז דער נאַציאָנאַלער און אינטערנאַציאָנאַלער אינטערעס אין האַרמאָנישער באַצי־ונג בלויז אין שלום־צייט, דאַקעגן אין שאַרפן קעגנזאַץ מלחמה־צייט, ווי ס׳האָבן געגלויבט די פירער פונעם רעפאָרמיסטישן פליגל אין דער אַר־בעטער־באַוועגונג; אָדער צי איז דער נאַציאָנאַלער און אינטערנאַציאָ־נאַלער אינטערעס אין קעגנזייטיקער באַציִונג פון פולער אידענטישקייט שטענדיק און אויטאָמאַטיש, און ס׳איז נויטווענדיק אונטערצוואַרפן דעם נאַציאָנאַלן אינטערעס דעם אינטערנאַציאָנאַלן, ווי ס׳האָבן געגלויבט די פירער פונעם רעוואָלוציאָנערן פליגל. זייער אויסגאַנגס־פּונקט איז געווען דער קלאַסן־אינטערעס פונעם אַרבעטער־קלאַס, וועלכער איז די מער־הייט אין יעדער לאַנד און אויך אינעם אינטערנאַציאָנאַלן פאַרנעם. און אפשר קען מען בויען אַ בריק צווישן נאַציאָנאַלן און אינטערנאַציאָנאַלן אינטערעס ווען ס׳דערוועקט זיך אַ קעגנזאַץ צווישן זיי, אָנווענדן די העכס־טע אָנשטרענגונגען צו פאַרמיידן מלחמה און זוכן וועגן צו לייזן קעגנ־זאַצן און סכסוכים אויפן יסוד פון נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון אַלע פעל־קער, וועלכע זענען נוגע בדבר.

די פאָדערונג איינצושטימען מיט די 21 פּונקטן פון קאָמאינטערן, ווי אַ תנאַי אָנגענומען צו ווערן אין קאָמאינטערן (באַשלוס אויפן צווייטן צוזאַ־מענפאָר, יולי 1920), האָט אויסגעדריקט די קאָנצעפּציע וועגן אונטער־וואַרפן דעם נאַציאָנאַלן אינטערעס צום אינטערנאַציאָנאַלן, ווי אַ טייל צום גאַנצן. די דאָזיקע קאָנצעפּציע איז אויספאָרמירט געוואָרן אויף דער באַזע פון צוויי עלעמענטן, איינער — אַן אידעאָלאָגישער, און דער צווייטער — אַ פּאָליטיש־אַקטועלער.

דער אידעאָלאָגישער עלעמענט אינעם פּראָגראַם פון דריטן אינטער־

נאַציאָנאַל איז די קאָנצעפּציע וועגן אינטערעסן־אידענטישקייט פון אַלע פעלקער אין קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט, שלום צווישן די פעלקער, פאַרטיידיקונג פון דער דעמאָקראַטיע און סאָציאַליסטישע צוקונפט. דער אַקטועלער פּאָליטישער עלעמענט איז אויספאָרמירט געוואָרן אין קאָנקרעטע היסטאָרישע באַדינגונגען פונעם שאַרפן קרייצוועג, ווען די דויערנדיקע און אַכזריותדיקע מלחמה צווישןביידע קאָנסאָלידירטע לאַגערן פון די אימפּעריאַליסטישע הערשער האָט אין משך פון אַ קורצער צייט זיך אַנטוויקלט אין אַ מיליטערישער געמיינזאַמער אינטערווענץ פונעם גאַנצן אימפּעריאַליסטישן לאַגער קעגן דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג, וועלכע איז אַנטשטאַנען אין רוסלאַנד.

דער דאָזיקער איבערגאַנג איז געווען ניט בלויז אַ נייע ווענדונג אין די באַוועגונגען פון די מיליטערישע כוחות, נאָר אַן אַבסאָלוטער פונאַנדערפאַל פון באַגריפן, וועלכע זענען אויספאָרמירט געוואָרן דורכן קאַפּיטאַליסטישן לאַגער און איבערגענומען געוואָרן דורך דעם רעפאָרמיסטישן פליגל מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

מיט דעם נאָמען „פאַררעטער פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן״ איז אין יולי 1914 אָנגערופן געוואָרן דורך דער פּרעסע יעדער מענטש, וועלכער האָט אויסגעדריקט אַ צווייפל אין דער גערעכטיקייט פון דער מלחמה מצד דייטשלאַנד קעגן פראַנקרייך, ענגלאַנד און צאַרישן רוסלאַנד. אָבער אין מיטן 1918 און די קומענדיקע צוויי יאָר האָבן די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען באַשמוצט מיטן נאָמען „פאַררעטער״ די, וועלכע האָבן אויסגעדריקט אַ ספק אין דער גערעכטיקייט פון דער געמיינזאַמער מלחמה מצד די קאַפּיטאַליסטישע כוחות קעגן סאָציאַליסטישן סיסטעם אין דער רוסישער רעפּובליק. אין דער ווענדונג פון דער קעגנזייטיקער מלחמה צווישן ביידע אימפּעריאַליסטישע בלאָקן צו אַ געמיינזאַמער מלחמה קעגן דער סאָציאַליסטישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז געווען אַ פּאָליטישער אינהאַלט.

דאָס האָט באַדייט אונטערוואַרפן דעם נאַציאָנאַלן אינטערעס מצד די אימפּעריאַליסטישע הערשער צום פּאָליטישן אינטערעס פון די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסן אין וועלט־מאַסשטאַב, ניט אָפּהאַלטנדיק זיך פון אַ מלחמה, ווי אַ לעגיטים מיטל צו פאַרטיידיקן די דאָזיקע קלאַסן־אינטערעסן.

די קאָנצעפּציע וועגן שטרענגן צענטראַליזם אין די באַציִונגען צווישן די לאָקאַלע קאָמוניסטישע פּאַרטייען און דעם וועלט־צענטער איז געווען

אַן עקסטרעמע פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע רעאַקציע פונעם רעוואָ־לוציאָנערן פליגל אין דער אַרבעטער־באַוועגונג לגבי דער אויסערגעוויינלעך שאַרפער לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפן צוליב דער מיליטערישער אינוואַזיע פון די קאַפּיטאַליסטישע מדינות — פון מזרח, מערב, צפון און דרום — קעגן דער רוסישער סאָוויעטישער רעפּובליק. דער עקסטרעמער צענטראַ־ליזם האָט געדאַרפט העלפן גובר זיין די געפאַר פון דער מיליטערישער אינטערווענץ ניט נאָר פאַרן יונגן סאָוויעטישן רעזשים, נאָר אויך פאַר אַלע אַנדערע רעוואָלוציאָנערע כוחות אין דער וועלט.

דאָס צענטראַליסטישע סיסטעם פון באַציִונגען, וואָס האָט אונטער־געוואָרפן די לאָקאַלע טעטיקייט צו די באַשלוסן פון אינטערנאַציאָנאַלן צענטער, האָט אַרויסגערופן קעגנזאַצן, אַנטאַגאָניזמען און קריזיסן ביז ס׳איז אָפּגעשאַפן געוואָרן (אין 1943) די צענטראַלע אָנפירונג. דער קאָמאינטערן איז אָפיציעל פונאַנדערגעלאָזט געוואָרן נאָך דעם ווי פאַר־שיידענע קאָמוניסטישע פאַרטייען האָבן געפונען פאַר נויטווענדיק צו לייזן זייערע פּראָבלעמען אויף אַ זעלבשטענדיקן אופן און בויען יעדע אייגע אין איר לאַנד אַן אַנטי־פאַשיסטישע קאָנצענטראַציע פון געזעלשאַפטלעכע כוחות אין ענגער צוזאַמענאַרבעט מיט אַנדערע דעמאָקראַטישע פאַקטאָרן.

די פאַרשיידענע ענדערונגען אין דער שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג פונעם רעסטאַווּרירטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל און אויך אין די קאָמוניסטישע פאַרטייען ווייזן אויף קערנדלעך פון אַ נייער קאָנצעפּציע וועגן דער קעגנזייטיקער באַציִונג צווישן נאַציאָנאַלן און אינטערנאַציאָנאַלן אינטערעס, צווישן דעם קאַמף פאַר דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם, ווי אויך אויף וויכטיקע באַריר־פּונקטן צווישן די ביידע גרונט־קאָנצעפּציעס.

אָבער די דאָזיקע אַנטוויקלונג איז אַ נייע טעמע.



אַרבעטער און זעלנער שטורעמען דעם ווינטער־פּאַלאַץ אין פּעטראָגראַד,
דעם 7טן נאָוועמבער 1917.



דעלעגאַציעס פון סאָוויעט־רוסלאַנד און דייטשלאַנד שרייבן אונטער דעם הסכם וועגן וואָפנשטילשטאַנד, דעם 15טן דעצעמבער 1917.



שטרייקנדיקע אַרבעטער פון דער וואָפן־אינדוסטריע אין בערלין, יאַנואַר 1918.



דעמאָנסטראַציע פון אַרבעטער און זעלנער פאַרן פּרייסישן פּאַרלאַמענט אין שייכות
מיט דער דערעפענונג פונעם 1טן צוזאַמענפאָר פון די אַרבעטער און זעלנער־ראַטן
אין בערלין דעם 16טן דעצעמבער 1918.



דער 1טער צוזאַמענפאָר פון די אַרבעטער און זעלנער־ראַטן אין בערלין
צווישן דעם 16טן און דעם 21סטן דעצעמבער 1918.

# ביאָגראַפישע פּרטים וועגן פּערזענלעכקייטן דערמאָנטע אינעם בוך

**אַדלער וויקטאָר** (1918—1852) — גרינדער פון דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. איינער פון די צענטראַלע פּערזענלעכקייטן פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אין פּעריאָד פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

**אַדלער פרידריך** (1879) — דער זון פון וויקטאָר אַדלער. פון די פירער פון עסטרייכישן אַסטראַ־מאַרקסיזם. אין אָקטאָבער 1916 האָט ער דערמאָרדעט דעם עסטרייכישן פּרעמיער, שטירק, ווי אַ פּראָטעסט קעגן דער מלחמה. נאָך זיין באַפרייונג בעת דער עסטרייכישער רעוואָלוציע — איז ער געווען איינער פון די עסטרייכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער צווישן די גרינדער פונעם ווינער „צענטרום"־אינטערנאַציאָנאַל.

**באַוער אָטאָ** (1932—1882) — פון די עסטרייכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער. סאָציאַליסטישער טעאָרעטיקער אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע. צווישן די שאַפער פונעם ווינער אינטערנאַציאָנאַל און זיינע טעאָרעטישע באַגרינדער. אין זיין לעצטן בוך „צווישן צוויי וועלט־מלחמות" איז פאַראַן אַ קריטיק אויף דער פּאָליטיק פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און אַ פּאָזיטיווע שטעלונג לגבי דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

**באַקונין מיכאַיל** (1871—1814) — אַ רוסישער רעוואָלוציאָנער־אַנאַרכיסט. האָט זיך באַטייליקט אין דער דייטשישער רעוואָלוציע (1848) און אינעם פּוילישן אויפשטאַנד (1863). צווישן די גרינדער פונעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל און די אָרגאַניזאַטאָרן פון אַן אַנאַרכיסטישער פראַקציע אין אים.

**בעבעל אויגוסט** (1913—1840) — צווישן די גרינדער און די צענטראַלע פּערזענלעכקייטן פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. אין 1869 האָט ער געשאַפן, צוזאַמען מיט ווילהעלם ליבקנעכט, די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך פאַראייניקט, אין 1875, מיט פערדינאַנד לאַסאַלס גרופּע און אויפגעשטעלט די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי פון דייטשלאַנד. ער האָט רעפּרעזענטירט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דייטשישן רייכסטאַג. אויטאָר פונעם בוך „די פרוי און דער סאָציאַליזם".

**בוכאַרין ניקאָלאַי** (1937—1889) — מיטגליד פון צ.ק. פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. אין פּעריאָד פון אונטערשרייבן דעם שלום־פּאַקט אין ברעסט־ליטאָווסק איז ער געשטאַנען אין שפּיץ פון די „לינקע קאָמוניסטן". רעדאַגירט די „פּראַוודאַ". אַרויסגעגעבן טעאָרעטישע ווערק, ווי צב"ש „די פּאָליטישע

עקאָנאָמיע פון דער רענטע", „די ווירטשאַפט פונעם איבערגאַנגס־פעריאָד", „די לערע פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם". אין די לעצטע יאָרן — בראש פון דער אָפּאָזיציע קעגן סטאַלינען. געמשפט און פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט אין 1937.

**בלאַנקי אויגוסט** (1881—1805) — אַ רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסט. פאַראורטיילט צוויי מאָל צום טויט. דער בלאַנקיזם האָט געגלויבט אין דער נויטווענדיקייט פון דער דיקטאַטור פון די אויסגעצייכנטע קלאַסן, באַוואָפענען די אַרבעטער־מאַסן, אָפּנעמען די בירגער־רעכט פון דער בורזשואַזיע און גייסטלעכע, נאַציאָנאַליזירן די גיטער פון דער קירכע, איינפירן אַ פּראָגרעסיוון דירעקטן שטייער. דער בלאַנקיזם האָט ניט געשעצט דעם היסטאָרישן פאַקטאָר, נאָר די אידעע און אירע טרעגער.

**בראַנטינג קאַרל היאַלמאַר** (1915—1860) — פון די פירער פון דער שוועדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה — פּרעמיער פון שוועדן און ראַט־מיטגליד פון דער פעלקער־ליגע.

**בערנשטיין עדואַרד** (1932—1850) — פון די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער. דער פאָטער פון דער לערע, וואָס האָט גערופן צו אַ רעוויזיע פונעם רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם. לויט זיין מיינונג ווערן די קלאַסן־קעגנזאַצן אָפּגעשוואַכט און דער קאַפּיטאַליסטישער רעזשים וועט בהדרגהדיק זיך פאַרוואַנדלען אין אַ סאָציאַליסטישן — אָן אַ רעוואָלוציאָנערער ענדערונג.

**געד זשיל** (1922—1845) — אַ פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פירער. געקעמפט קעגן רעפאָרמיזם. גרינדער פון דער ערשטער מאַרקסיסטישער צייטונג אין פראַנקרייך. רעדאַגירט צוזאַמען מיט מאַרקס און ענגעלס, אין 1881, דאָס פּראָגראַם פון דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך אַנגעשלאָסן אין דער „נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונגס־רעגירונג".

**הילפערדינג רודאָלף** (1944—1878) — אַ סאָציאַליסטישער וויסנשאַפטלער, עקאָנאָמיסט, אויטאָר פון „פינאַנס־קאַפּיטאַל". אין 1917 האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער אומאָפּהענגיקער דייטשישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי און רעדאַגירט איר צענטראַלן אָרגאַן.

**וואַנדערוועלדע עמיל** (1943—1866) — פון די בעלגישע אַרבעטער־פירער. פאָרזיצער פון ביוראָ פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געווען דער ערשטער סאָציאַליסט, וועלכער האָט זיך אַנגעשלאָסן אין דער בורזשואַזער רעגירונג פון זיין לאַנד.

**זשאָרעס זשאַן** (1914—1859) — פירער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין פראַנקרייך. ביז 1892 פּראָפעסאָר פון פילאָסאָפיע. סוף 1890 האָט

ער, צוזאַמען מיט עמיל זאָלאַ, אַ סך געטאָן צו רעהאַביליטירן און באַפרייען דרייפוסן. אין די יאָרן 1904—1914 איז ער באַוווּסט געוואָרן ווי אַ גלענצנדיקער רעדנער קעגן מלחמה און אַ פאַרטיידיקער פון די אַרבעטנדיקע. אין 1904 געגרינדעט די צייטונג „הומאַניטע" און געווען זיין רעדאַקטאָר ביזן טויט. דערמאָרדעט געוואָרן דעם 31טן אויגוסט 1914 דורך אַ שליח פון די מיליטאַריסטישע רעאַקציאָנערע קרייזן אין פראַנקרייך צוליב זיין פלאַמיקן קאַמף קעגן דער באַטייליקונג פון פראַנקרייך אין דער מלחמה.

**זינאָוויעוו גריגאָרי** (1883—1936) — פון די צענטראַלע באָלשעוויסטישע פירער אין רוסלאַנד. באַטייליקט זיך אין די צוזאַמענפאָרן פון צימערוואַלד און קיענטאַל. אין די יאָרן 1919—1926 פאָרזיצער פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמאינטערן. אין 1925 איבערגעגאַנגען צו דער אָפּאָזיציע. אין 1936 געשטעלט צום געריכט און פאַראורטיילט צום טויט.

**טוראַטי פיליפּאָ** (1857—1933) — צווישן די גרינדער פון דער איטאַליענישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. געווען פאַרשפּאַרט אין טורמע אין די יאָרן 1898—1909 צוליבן אָרגאַניזירן „הונגער־אויפשטאַנדן". אַרויסגעטראָטן קעגן דער באַטייליקונג פון איטאַליע אין קריג נאָך דער שפּאַלטונג אין דער איטאַליענישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין 1922 איז ער געווען דער פירער פון דער סאָציאַליסטישער „אוניטאַרער" פּאַרטיי.

**טראָצקי לעוו** (1879—1940) — זיך באַטייליקט אין דעם צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און געשטיצט די מענשעוויקעס. אין 1905 פאָרזיצער פון ערשטן אַרבעטער־ראַט אין פּעטערבורג. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען צווישן די רעדאַקטאָרן פון דער אינטערנאַציאָנאַליסטישער צייטונג „נאַשאַ סלאָוואָ", וועלכער איז אַרויסגעטראָטן קעגן קריג. אין 1917 זיך צוריקגעקערט קיין רוסלאַנד, אָנגעשלאָסן זיך צו די באָלשעוויקעס און נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע — קאָמיסאַר פאַר אויסערן־ענינים. אין בירגערקריג — פאַרטיידיקונס־קאָמיסאַר און פאָרזיצער פונעם רעוואָלוציאָנערן־מיליטערישן ראַט פון די רעפּובליקן. אין 1923 אָנגענומען אַן אָפּאָזיציאָנעלע שטעלונג צו דער פּאָליטיק פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. אין 1926 פירער פון דער פאַראייניקטער אָפּאָזיציע. נעגירט די מעגלעכקייט פון „סאָציאַליזם אין איין לאַנד" און גערופן צו אַ „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע". דערמאָרדעט געוואָרן אין 1940 אין מעקסיקאָ.

**לעווי פּאַול** (1883—1930) — באַטייליקט זיך אין צימערוואַלד־צוזאַמענפאָר. מיטגליד פון „ספּאַרטאַקוס־בונד" אין דייטשלאַנד, שפּעטער פון די פירער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי דייטשלאַנדס און פּרעזידיום־מיטגליד פון צווייטן צוזאַמענפאָר פון קאָמאינטערן. קריטיקירט עפנטלעך די שטעלונג פון דער פּאַרטיי אין צייט פון אויפשטאַנד אין 1921. אויסגעשלאָסן פון אירע רייען אין 1921 און אָנגעשלאָסן זיך אין לינקן פליגל פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

**לוקסעמבורג ראָזאַ** (1919—1871) — רעוואָלוציאָנערע פירערין און צווישן די וויכטיקע מאַרקסיסטישע דענקער. געבוירן אין פוילן. אין 1893 צווישן די גרינדער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין פוילן און ליטע. דעם אַקאַדע־מישן שטודיום האָט זי געענדיקט מיט דער פאָרשונג וועגן „אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע אין פוילן". אין 1897 זיך באַזעצט אין דייטשלאַנד. געפירט אַן אידעיִשן קאַמף קעגן דער רעוויזיאָניסטישער שטעלונג פון עדואַרד בערנשטיין. בראָש פון דער רעוואָלוציאָנערער אָפּאָזיציע אין דער דייטשישער סאָציאַל־דע־דעמאָקראַטיע אין דער דיסקוסיע וועגן די אויספירן פון דער סאָציאַליסטישער רע־וואָלוציע אין 1917. אינעם שטוטגאַרטער צוזאַמענפאָר האָט זי פאָרמולירט צו־זאַמען מיט לענינען די רעזאָלוציע, וועלכע אונטערשטרייכט די קעגנערשאַפט צו דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה. געזעסן אין תפיסה פון יאָר 1915 אין משך פון דריי יאָר און באַפרייט געוואָרן דורך דער רעוואָלוציע. דעם 15טן יאַנואַר 1919 דערמאָרדעט געוואָרן אין בערלין דורך שאָוויניסטישע דייטשישע אָפיצירן.

**לאַסאַל פערדינאַנד** (1864—1825) — פון די גרינדער פון דער דייטשי־שער אַרבעטער־באַוועגונג. אונטערשטראָכן די וויכטיקייט פונעם קאַמף פאַר אַל־געמיינער וואַל־רעכט, כדי צו דערמעגלעכן אַן אַרבעטער־איינפלוס אויף דער רעגירונג און שטופנווייז איבערגאַנג צום סאָציאַליסטישן סיסטעם. נעגירט דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן קאַפּיטאַליזם.

**לאַפאַרזש פאַול** (1912—1842) — פראַנצויזישער סאָציאַליסט. שילער פון מאַרקס און ענגעלס. באַגרינדעט די וויכטיקסטע טעזן פון דער מאַרקסיסטישער פילאָסאָפיע.

**ליבקנעכט ווילהעלם** (1900—1826) — פון די דייטשישע סאָציאַל־דע־מאָקראַטישע פירער. זיך באַטייליקט אין דער רעוואָלוציע פון 1848. צוזאַמען מיט אויגוסט בעבעל געגרינדעט אויפן אייזענבאַך־צוזאַמענפאָר די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטיי. געקעמפט קעגן דער אימפּעריאַליסטישער פּאָ־ליטיק פון ביסמאַרק אין 1870 און געשטימט קעגן מיליטערישן בודזשעט.

**ליבקנעכט קאַרל** (1919—1871) — זון פון ווילהעלם ליבקנעכט. צווישן די צענטראַלע פערזענלעכקייטן פונעם רעוואָלוציאָנערן פליגל אין דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. דעם 3טן אויגוסט 1914 האָט ער געפאָדערט אויף דער באַראַטונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע ניט צו שטימען פאַרן מלחמה־בודזשעט. אין דעצעמבער 1914 איז ער געווען דער איינציקער, וועל־כער האָט געשטימט אין רייכסטאַג קעגן דעם מלחמה־בודזשעט. צוזאַמען מיט ראָזאַ לוקסעמבורג איז ער געווען צווישן די גרינדער פון דער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע „ספּאַרטאַקוס־בונד" און אין סוף 1918 צווישן די גרינדער פון דער דייטשישער קאָמוניסטישער פאַרטיי. דערמאָרדעט צוזאַמען מיט ראָזאַ לוק־סעמבורג דעם 15טן יאַנואַר 1919 אין בערלין דורך קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע אָפיצירן.

**לענין וולאַדימיר איליטש** (1924—1870) — רעוואָלוציאָנערער פירער פון רוסישן אַרבעטער־קלאַס, צווישן די גרינדער פון דער באָלשעוויסטישער פּאַר־

טיי. אין זיינע שריפטן האָט ער אויסגעשמידט די אידעיִשע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פּרינציפּן פון אַ רעוואָלוציאָנערער מאַרקסיסטישער פּאַרטיי. אין יולי 1903 האָט לענין קאָנצענטרירט די מערהייט אַרום דעם רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם. מיטן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה האָט ער פֿאַרמולירט דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן דאָקומענט, וועלכער האָט באַצייכנט דעם אימפּעריאַליסטישן כאַראַקטער פון דער מלחמה פון ביידע מלחמה־צדדים. אונטער זיין פירערשאַפט איז פאַרגעקומען די גרויסע סאָציאַליסטישע אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין 1917. אויסגעוויילט אַלס פֿאַרזיצער פון דעם פֿאָלקס־קאָמיסאַרן־ראַט אויפן צווייטן סאָוויעטן־צוזאַמענפֿאַר. געשטאָרבן דעם 21סטן יאַנואַר 1924.

**מאַקדאָנאַלד ראַמזיי** (1937—1866) — צענטראַלע פערזענלעכקייט אין דער בריטישער אַרבעטער־פּאַרטיי. לאַנגע יאָרן פרעמיער־מיניסטער אין ענגלאַנד. זומער 1931 האָט ער, אין קעגנזאַץ צו דער מיינונג פון זיין פּאַרטיי, אויפגעשטעלט אַ רעגירונגס־קאָאַליציע צוזאַמען מיט די קאָנסערוואַטיוון און ליבעראַלן. נאָך צוועלף לייבאָר־דעפּוטאַטן האָבן געשטיצט די נייע רעגירונג און זענען באַזייטיקט געוואָרן צוזאַמען מיט מאַקדאָנאַלדן פון דער פּאַרטיי, וועלכע האָט אויסגעקליבן אַרטור הענדערסאָנען אַלס פירער פון דער לייבאָר־פּאַרטיי אַנשטאָט מאַקדאָנאַלדן.

**מאַרקס קאַרל** (1883—1818) — גרינדער פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם. אין 1844 זיך באַקענט מיט ענגעלסן אין פּאַריז און פון דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן די צוזאַמענאַרבעט צווישן זיי. אַנטוויקלט דעם געדאַנק פון אַלוועלטלעכער מיסיע פון פּראָלעטאַריאַט אַלס שעפער פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. אין די „טעזן פון פויערבאַך" האָט ער געשריבן: „די פילאָסאָפן האָבן ביז איצט מיט פאַרשיידענע מיטלען דערקלערט די וועלט, דאָס פּראָבלעם איז זי צו ענדערן". דעם 28סטן סעפּטעמבער 1864 צווישן די גרינדער פון ערשטן אינטערנאַציאָנאַל. פאַרפאַסט צוזאַמען מיט ענגעלסן דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט", וועלכער איז אַרויס פון דרוק אין 1848 אין לאָנדאָן. ער האָט אויפגעקלערט די געשיכטע פון דער מענטשהייט פונעם שטאַנדפּונקט פון קלאַסנקאַמף. אין 1867 איז אַרויס דער „קאַפּיטאַל", אין וועלכן ער האָט אַנטדעקט דעם קוואַל פון מערוווערט, די עקאָנאָמישע וואָרצלען פון די אַנטאַגאָניסטישע קלאַסן־קעגנזאַצן אין קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם.

**מילעראַן אַלעקסאַנדער** (1945—1859) — דער ערשטער סאָציאַליסט, וועלכער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער בורזשואַזער רעגירונג אין פראַנקרייך (1902—1899). אין דער זעלבער רעגירונג איז אויך געווען מיניסטער גענעראַל גאַליפע, וועלכער איז געשטאַנען בראש פונעם אָנגריף קעגן דער פּאַריזער קאָמונע. אין 1904 איז מילעראַן אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אין די יאָרן 1924—1920 איז ער געווען פּרעזידענט פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק.

**נאָסקע גוסטאַוו** (1945—1868) — פון די פירער פון רעכטן פליגל אין דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אין 1906 אויסגעוויילט געוואָרן אין רייכסטאַג. געשטיצט די ערשטע וועלט־מלחמה. פון יאָר 1918 האָט ער אויסגע־

פילט אַ צענטראַלע ראָל אין דער אונטערדריקונג פונעם אַרבעטער־אויפשטאַנד אין דייטשלאַנד.

**סעראַטי דזשאַקאָנטו** (1872—1926) — סאָציאַליסטישער איטאַליענישער פירער. געשטאַנען אין שפּיץ פון אינטערנאַציאָנאַליסטישן פליגל, וועלכער האָט זיך קעגנגעשטעלט דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין 1924 אָנגעשלאָסן זיך אין דער איטאַליענישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

**סען סימאָן אַנרי** (1760—1825) — צווישן די גרינדער פון אוטאָפּישן סאָציאַליזם אין פראַנקרייך. געשטרעבט צו ענדערן די געזעלשאַפט דורך רע־פאָרמען און דורכן דערציִען די געזעלשאַפט אין אַ נייעם גייסט.

**פּלעכאַנאָוו געאָרגי** (1856—1918) — צווישן די וויכטיקע מאַרקסיס־טישע טעאָרעטיקער אין די 90ער יאָרן. איינער פון די גרינדער פון דער ערשטער מאַרקסיסטישע גרופּע אין רוסלאַנד „באַפרייונג פון אַרבעט". געקעמפט ענערגיש קעגן רעוויזיאָניזם פון בערנשטיין און זיין רוסישע פּאַרעם — דער „עקאָנאָמיזם". אין 1903 האָט ער זיך אָנגעשלאָסן צו די באָלשעוויקעס. נאָך אַ קורצער צייט איבערגעגאַנגען צו די מענשעוויקעס. געשטיצט די ערשטע וועלט־מלחמה האַפּנ־דיק איפן זיג פון די אַליאירטע אַרמייען. נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע 1917 האָט פּלעכאַנאָוו געפאָדערט ווייטערדיקע באַטייליקונג פון רוסלאַנד אין דער מלחמה „ביזן זיג". נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז ער נישט אַרויסגעטראָטן עפנטלעך קעגן די באָלשעוויקעס, טראָץ דעם, וואָס ער איז געווען קעגן דער סאָוועטישער מאַכט.

**קאַוטסקי קאַרל** (1854—1938) — צווישן די פירער פון צווייטן אינטער־נאַציאָנאַל. געשאַפן פאַרשיידענע ווערק, כדי צו פּאָפּולאַריזירן די געזעלשאַפט־לעכע און עקאָנאָמישע אָנשויונגען פון מאַרקסן. אָנגעפירט אַן אידעאָלאָגישן קאַמף קעגן דעם רעוויזיאָניזם פון בערנשטיין. פאַרפאַסט דאָס „ערפורטער פּראָגראַם", וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּלאַטפאָרם פון דער דייטשי־שער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. אייניקע יאָרן פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער אָנגענומען אַ מיטל־פּאָזיציע צווישן רעפאָר־מיסטישן און רעוואָלוציאָנערן פליגל אין דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, און פון דאַן — דער פאָרשטייער פון „צענטראַליזם". צווישן די גרינדער פון דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. געווירקט פאַר איר ווידער־פאַראייניקונג מיט דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. אַרויסגעטראָטן קעגן דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און דער־גאַנגען צו דער באַרעכטיקונג פון אַ באַוואָפנטער אינטערווענץ קעגן איר.

**שיידעמאַן פיליפּ** (1865—1939) — פירער פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. פון 1912 וויצע־פּרעזידענט פון רייכסטאַג. געשטיצט די אימפּע־ריאַליסטישע מלחמה פון 1914 און ענג צוזאַמענגעאַרבעט מיט דער רעגירונג פון קייזער ווילהעלם. אין נאָוועמבער 1918 — מיניסטער אין דער רעגירונג פון פּרינץ פאָן באַדען. האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט, צוזאַמען מיט עבערט און נאָסקע, אינעם דערשטיקן די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד.

# ביבליאָגראַפיע


1. Julius Braunthal — History of the International (1864—1914), (Translated by Henry Collins and Kenneth Mitchel).
2. Eduard H. Carr — The Bolshevik Revolution (Published in New York 1952).
3. C. D. H. Cole — Democracy and Communism.
4. James Joll — The Second International.
5. William Foster — History of Three Internationals (International Publishers, New York 1955).
6. R. Palme Dutt — The Two Internationals (London 1920).
7. Werner — Karl Liebknecht kontra Ruestungskapital.
8. Karl Kautsky — Die Proletarische Revolution und ihre Programm.
9. Karl Kautsky — Die Internationalitaet und der Krieg.
10. Karl Kautsky — Nationalversammlung und Raeterversammlung.
11. Karl Kautsky — Die Diktatur des Proletariats.
12. Karl Kautsky — Der Weg zur Macht.
13. Karl Kautsky — Die Internationale und Sowjetrussland.
14. G. J. Sinovjew — Bericht des Exekutivkomitets der Komintern (1920).
15. Milorad Drachkovitch and Branko Lasitsch — The Communist International.
16. Manifest, Richtlinien, Beschluesse des ersten Kongresses der Kommunistischen Internationale (Hamburg 1920).
17. Der II Kongress der Komintern — Materialen (Moskau 1920).
18. Der III Kongress der Komintern — Materialen (Moskau 1921).
19. Der IV Kongress der Komintern — Materialen (Moskau 1922).
20. Dokumente und Materialen zur Geschichte der deutschen Arbeiterbewegung. (Dietz Verlag, Berlin 1958), (1914—1917).
21. Die Kommunistische Internationale, Kurzer historischer Abriss. (Dietz Verlag, Berlin 1970).
22. Bericht über den Gründungsparteitag der Kommunistischen Partei Deutschlands.
23. Dokumente und Materialen zur Geschichte der deutschen Arbeiterbewegung (1919—1921) — (Dietz Verlag, Berlin 1966.)

24. Dokumente und Materialen zur Geschichte der deutschen Arbeiterbewegung (1922—1923) — (Dietz Verlag, Berlin 1966.)
25. Geschichte der deutschen Arbeiterbewegung (1917—1923), Band III (Dietz Verlag, Berlin 1966).
26. Fundamentals of Marxism-Leninism (Progress Publishers, Moscow 1964).
27. Lenin — Socialism and War.
28. Lenin — The Proletarian Revolution and the Renegate Kautsky.
29. Lenin — Imperialism — Highest Stage of Capitalism.
30. Lenin — Two Tacticts of the Social-Democracy.
31. Lenin — State and Revolution.
32. Lenin — What is to be done?
33. Doche Nemech — Comments on the History of the Bloody Counter-Revolution 1919—1921, (Hungarian Academy of Sciences, Budapest, 1954).
34. Hungarian Revolution — Academia Scientiarum Hungarica.

.35 ו. אי. לנין — כתבים נבחרים, הוצאת הקיבוץ המאוחד, 1950.
.36 ו. אי. לנין — כתבים נבחרים, הוצאת ספרית פועלים 1952.
.37 ו. אי. לנין — השאלה הלאומית והקולוניאליות, הוצאת הוועד המרכזי של מק״י, 1960.
.38 ו. אי. לנין — מחלת הילדות של ה„שמאליות" בקומוניזם, הוצאת הוועד המרכזי של רק״ח, 1970.
.39 ההיסטוריה של המפלגה הקומוניסטית של ברית־המועצות, הוצאת הוועד המרכזי של מק״י 1964.
.40 כריסטופר היל — לנין והמהפכה הרוסית, הוצאת „הדר", ת״א 1961.
.41 ג׳ון ריד — עשרת הימים שזיעזעו את העולם, הוצאת הקיבוץ המאוחד, 1960.

# ביאָגראַפֿישע פּרטים וועגן דער מחברין

געבוירן געוואָרן דעם 8טן יוני 1918 אין ווילנע.

געלערנט אין דער העברעישער גימנאַזיע „תּרבות" און באַקומען מאַטורע אין 1936. דערנאָך געלערנט אין דער ווילנער פּאַכשול און דאָרט אָפּגעגעבן עקזאַמענס אין נייען.

צוויי יאָר (1936—1938) געלערנט סיסטעמאַטיש פּאָליטישע עקאָנאָמיע, היסטאָרישן מאַטעריאַליזם און די ווערק פון מאַרקס און ענגעלס.

געקומען קיין ארץ־ישראל אין אויגוסט 1938. אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה שטודירט אויפן ירושלימער אוניווערסיטעט און געענדיקט דאָרט די פאַקולטעטן פון סאָציאָלאָגיע און אַלגעמיינע פילאָסאָפיע.

די מאַגיסטער־אַרבעט אין אַלגעמיינער מאָדערנער געשיכטע וועגן דער פּאָליטישער און אידעאָלאָגישער קאָנפראָנטאַציע אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג אויפן שוועל פון 20סטן יאָרהונדערט, האָט זי געשריבן נאָכן באַנייען איר וויסנשאַפטלעכן שטודיום די לעצטע יאָרן.

במשך פון דרייסיק יאָר (1944—1973) געווען מיטגליד פון פּאָליטביוראָ פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין לאַנד.

אין די וואַלן צו דער אספת־הנבחרים אין 1944 (אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפט פון יידישן יישוב אין דער צייט פון ענגלישן מאַנדאַט) אויסגעווילט געוואָרן אויף דער פאָלקס־דעמאָקראַטישער ליסטע.

אין די מוניציפּאַלע וואַלן אין יאָר 1949 אין תּל־אביב געשטאַנען בראש פון דער מק"י־ליסטע און אויסגעקליבן געוואָרן אַלס מיטגליד פון תּל־אביבער שטאָטראַט.

25 יאָר (1949—1973) טעטיק אַלס אויסגעוויילטער מיטגליד אין עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון דער הסתדרות.

אויסגעוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד פון ישראלדיקן פּאַרלאַמענט (כנסת) אין דריי קאַדענציעס: אין 1951—55 (די צווייטע כנסת), אין 1955—59 (דריטע כנסת) און אין 1961—65 (די פינפטע כנסת), ווי אַ פאָרשטייערין פון דער ישראלדיקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

זיך באַטייליקט ווי אַ מיטגליד פון דער ישראלדיקער דעלעגאַציע צוזאַמען מיט שמואל מיקוניס און תּופיק טובי אין דער אַלוועלטלעכער באַראַטונג פון 81 קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין דעצעמבער 1960 אין מאָסקווע, וועלכע האָט אידעיש באַגרינדעט די מעגלעכקייט פון אַ פרידלעכן

איבערגאַנג צום סאָציאַליזם און די פּערספּעקטיוו צו פאַרמיידן אַ נייע וועלט־מלחמה.

פון 1965 — מיטגליד פון דער ישראלדיקער שלום־באַוועגונג ווי אויך פון דער אַלוועלטלעכער שלום־באַוועגונג.

פון יולי 1973, נאָכן פּאָליטיש־אידעאָלאָגישן קריזיס אין מק״י, געווען טעטיק אין דער פאַרמירונג פון דער ישראלדיקער קאָמוניסטישער אָפּאָזיציע (אק״י).

די לעצטע יאָרן קאָנצענטרירט זיך אין וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג אויפן געביט פון מאָדערנער געשיכטע פון דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג.

# אינהאַלט:


פון פאַרלאַג . . . . . . . . . . . . . 7
פאָרוואָרט צו דער אויסגאַבע אין יידיש . . . . . . . . . 9
אַריינפיר . . . . . . . . . . . . . 11

## דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל

די דערגרייכונגען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל . . . . . . . 15
די דיסקוסיע צווישן רעוויזיאָניסטישן און רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם . . 18
דער אינטערנאַציאָנאַל און גענעראַל־שטרייק . . . . . . . 22
די באַטייליקונג פון די סאָציאַליסטן אין דער בורזשואַזער רעגירונג . . . 30
די קאָלאָניאַלע פראַגע אינעם ערשטן פעריאָד פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל 34
די אָרגאַניזירונג פון אַ מאַרקסיסטישער פאַרטיי אין רוסלאַנד . . . 39
צוויי ליניעס אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דער רעוואָלוציע פון 1905 43

## די ערשטע וועלט־מלחמה

דער פונאַנדערפאַל פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל מיטן אויסברוך
פון דער ערשטער וועלט־מלחמה . . . . . . . . 44
די ערשטע וועלט־מלחמה — אַ נאַציאָנאַלע אָדער אַן אימפּעריאַליסטישע . 49
קאַוטסקי וועגן אולטראַ־אימפּעריאַליזם און די באַגרענעצטקייט
פון דעם אינטערנאַציאָנאַלס ווירקונג . . . . . . . 52
די פאָרמירונג פון לינקן פליגל אינעם קאַמף אָפּצושטעלן די מלחמה . . 56

## צוויי רעוואָלוציעס אין רוסלאַנד

דער כאַראַקטער פון דער מלחמה נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד 58
דער געזעלשאַפטלעכער טרעגער פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע . 61
צי איז די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע אידענטיש מיט בירגערקריג ? . . 65
די דיסקוסיע צווישן לענין, קאַוטסקי און לוקסעמבורג . . . . . 70
דער וועזן פון קאָמפּראָמיס מיט דער בורזשואַזיע . . . . . . 76

## רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד

די נאָוועמבער־רעוואָלוציע פון 1918 אין דייטשלאַנד . . . . . . 78
די גרינדונג פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פון דייטשלאַנד (ק.פּ.ד.) . . 82
די אָפענסיווע פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד . . . . . 87

קאַרל קאַוטסקי און אָטאָ באַוער אַרגומענטירן די באַטייליקונג
פון סאָציאַליסטן אין בורזשואַזע רעגירונגען . . . . . . . 90
די ראַטן־אָרגאַניזאַציע און אירע קאָמפּעטענצן . . . . . . 92
דער אַלגעמיינער שטרייק אין דייטשלאַנד קעגן קאַפּ־פּוטש . . . . 95

## רעוואָלוציע אין אונגאַרן

די רעוואָלוציע און קאָנטער־רעוואָלוציע אין אונגאַרן . . . . . . 98
די רעסטאַווראַציע פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און די פאַרמירונג פון דריטן 100

## סאָציאַליסטישער און קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל

דער קאָמאינטערן וועגן בורזשואַזער דעמאָקראַטיע און דיקטאַטור
פון פּראָלעטאַריאַט . . . . . . . . . . 106
דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם אין דער קאָנצעפּציע פון
רעסטאַווירטן אינטערנאַציאָנאַל . . . . . . . . . 111
דער סאָציאַליסטישער און קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל
וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע . . . . . . . . . 118
דער מהות פון די באַציונגען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע
פון קאָמאינטערן און סאָצאינטערן . . . . . . . . 122

## פאַר אַ געאייניקטן פראָנט

דער קאַמף פאַר אַ געאייניקטן פראָנט קעגן דעם פאַשיסטישן פּוטש
אין איטאַליע . . . . . . . . . . . . 125
די באַוועגונג צו פאַראייניקן די אינטערנאַציאָנאַלן . . . . . 128
רעזומירונגען . . . . . . . . . . . . . 132

ביאָגראַפישע פּרטים וועגן פערזענלעכקייטן דערמאָנטע אינעם בוך . . 143
ביבליאָגראַפיע . . . . . . . . . . . . . 149
ביאָגראַפישע פּרטים וועגן דער מחברין . . . . . . . 151
אינהאַלט פון בוך (יידיש) . . . . . . . . . 153
אויסגאַבן פון דער מחברין . . . . . . . . . 155
אינהאַלט (ענגליש) . . . . . . . . . . . 158

## אויסגאַבן פון דער זעלבער מחברין

### עברית

- ✶ מה שטוב לפועל טוב לישראל — 1955
- ✶ יחסי ישראל—ברית־המועצות (1947—1958) — 1958
- ✶ האשה והמאבק החברתי — 1959
- ✶ ההתרוששות היחסית והמוחלטת של מעמד הפועלים בקפיטליזם — 1960
- ✶ האם קיים סקטור סוציאליסטי במשק הישראלי — 1960
- ✶ תוכניות בורגניות וריפורמיסטיות בנות־זמננו — 1967
- ✶ קווים לדרך ישראל אל הסוציאליזם — 1968
- ✶ האחד במאי חי! — 1969
- ✶ התקוממות־האיכרים הגדולה בגרמניה — חלוץ המהפכות החברתיות — 1970
- ✶ מלחמת יום־הכיפורים, אוקטובר 1973 — 1973
- ✶ האינטרנציונאל הסוציאליסטי והתהוות הקומאינטרן 1974

### יידיש

- ✶ שטריכן צום וועג פון ישראל צום סאָציאַליזם — 1968
- ✶ דער גרויסער פויערים־אויפשטאַנד אין דייטשלאַנד — פאָרלויפער פון סאָציאַלע רעוואָלוציעס 1971
- ✶ די יום־כיפור־מלחמה — 1973

20. Kautsky and Bauer Argue for Participation in Bourgeois Governments
21. The Significance of the Workers' Councils
22. Germany: General Strike Against the Kapp-Putsch

## REVOLUTION IN HUNGARY

23. **Revolution and Counter-Revolution in Hungary**
24. **The Second International Restored, the Third Established**

## THE COMMUNIST AND SOCIALIST INTERNATIONALS

25. The Principles of Democracy and Socialism in the Concept of the Restored Second International
26. The National Question: Two Views
27. The Comintern on Bourgeois Democracy and Proletarian Dictatorship

## FOR A UNITED FRONT

28. The Movement for Unifying the Internationals
29. The Struggle for a United Front in Face of the Fascist Coup in Italy
30. Relations Between the Parties and Their International Organisation in the Socintern and the Comintern
31. **Summary**
32. Bibliography
33. Biographical Details About the Author

# THE SECOND INTERNATIONAL AND THE COMINTERN

**By ESTHER VILENSKA**

CONTENTS:


1. Introduction

**THE SOCIALIST INTERNATIONAL**

2. The Second International, its Achievements and its Dawnfall
3. The International and the General Strike
4. Socialist Participation in Bourgeois Governments
5. Revisionism versus Revolutionary Socialism
6. The Organisation of a Marxist Party in the Struggle against Economism
7. Social-Democracy and the 1905 Revolution: Two Trends

**THE FIRST WORLD WAR**

8. The Dawnfall of the Second International at the Outbreak of the First World War
9. The First World War: National War or Imperialist War?
10. Kautsky on Ultra-Imperialism and the Limited Influence of the International
11. The Formation of the Left Wing during the First World War

**TWO REVOLUTIONS IN RUSSIA**

12. The February Revolution 1917
13. Which Class will Lead the Social Revolution?
14. Does a Socialist Revolution Necessitate a Civil War?
15. Lenin, Kautsky and Luxemburg Debate Parliament and Workers Councils
16. Compromise with the Bourgeoisie?
17. **The Revolution in Germany, November 1918**

**REVOLUTION IN GERMANY**

18. The Establishment of the Communist Party of Germany
19. The Counter-Revolution on the Offensive